Hauptmann, Gerhart.
Di veber: drama in 5 akten.
Nyu York, 1905.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1876.9

**Hauptmann, Gerhart, 1862-1946.**
Weber. Yiddish
Di veber : drama in 5 akten / iberzetst fun Ya'akov Milkh.
Nyu York : Aroysgegeben fun hilfs-ferband der Poylishen Sots. partey, 1905.
102 p. ; 18 cm.

1. German drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Milkh, Ya'akov, 1866-1945, tr. II. United States-New York-New York

ID: NXYH01-B3535 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106100

Reduction ratio X 10.0.

פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

**THE WEAVERS** By GER. HAUPTMAN.
Transl. By J. MILCH.

# די וועבער

דראַמא אין 5 אקטען.

פון

## גערהאַרד האַופטמאַן

---

איבערזעצט פון

## יעקב מילך

ארויסגעגעבען פון
הילפס-פערבאנד דער פוילישען סאָציאל. פּארטיי,
ניו יארק.

פּרייז 25 סענט.

הילפס־פערבאַנד דער פוילישען סאָצ. פּאַרטיי.


# דיא וועבער.

דראַמאַ אין 5 אקטען,

—פון—

## גערהארד האַופּטמאַן.

איבערזעצט פון

יעקב מילך.




ארויסגעגעבען פון

הילפס־פערבאַנד דער פוילישען סאָצ. פּאַרטיי,

ניו יאָרק,

1905.

## מיין פאַטער ראָבערט הויפּטמאַן ווידמע איך דיעזע דראַמאַ.

---

וועו איך ווידמע דיעזע דראמא צו דיר, ליעבער פאַטער, זאָ געשיהט עס אוים געפיהלע, וועלכע דו קענסט גאנץ גוט און וועלכע ס'איז ניט נויטיג אויף דיעזען פּלאַץ ארויסצושרייבען.

דיין ערצעהלונג וועגען זיידען, וועלכער איז אין דיא יונגע יאהרען, אלס ארמער וועבער, געזעסען ביי דעם וועב שטוהל, וויא דיא וועלכע איך האָב דאָ געשילדערט, איז געוואָרען דער זאַמען פאר דיעזע דיכטונג; און צו זיא איז לעבענסקרעפטיג, צו אביסעל צוגעפוילט אין מיטען, זיא איז יעדענפאלס דאָס בעסטע וואס „אזא ארימער מאן וויא האמלעט איז" קען געבען.

דיין גערהאַרט.

# פאררעדע פון איבערזעצער

עס איז אונמעגליך איז דיזע פֿאררעדע אפילו נור אין קורצען אַנצודייטען אויף דיא גרויסקייט פון דיא דראמאַ, וועלכע ווערט דאָ ארויסגעגעבען אויף אידיש. איך האָף, אז יעמאנד פון דיא אידישע שרייבער וועט זיך בענוטצען מיט דיא געלעגענהייט פון דעם ערשיינונג פון „דיא וועבער“ אין אידיש, דעם אידישען לעזע פובליקום אַנצואווייזען וואָס פאר א ווערק „די וועבער“ איז, און וואָסער בעדייטונג עס האָט אין דער וועלט ליטעראטור.

איך וויל דאָ נור זאָגען איינינע ווערטער :

נאָך מיין מיינונג איז „דיא וועבער“ איינע פון דיא גרעסטע דראמאטישע ווערק, אויב ניט דאָס גרעסטע, מיט דעם אויסנאַהמען אפשר פון געטהע'ס „פאוסט“, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען אין דעם ניינצענטען יאָהרהונדערט. און מערקווירדיג! דיזע געוואַלדיגע דראמאַ מיט אַלל איהר גרויסקייט און שעהנהייט איז גענומען געוואָרען פון אזאַ לעבען, וועלכעס מענשען זיינען געוואָהנט צו בעטראַכטען אַלס דאָס נידריגסטע, אַלס דאָס אונאינטערעסאַנטעסטע, אלס דאָס איינפאכסטע און גרעבסטע, דאָס לעבען פון דיא נידריגסטע און נידערגעשלאָגענסטע ארבייטער, דיא וועבער.

פון האופטמאַן'ס ווידמונג צו זיין פאָטער קען דער לעזער זעהן, אַז האופטמאַן'ס זיידע איז אליין געוועזן אַ וועבער, און אַז זיין פאָטער האָט איהם דערציילט דיא אלע פאסירונגען, וויא ער האָט זיי

געהערט פון זיין פאטער. און ווען איהר וועט לעזען דיא געשיכטע פון דעם וועבער אויפשטאנד אין דייטשלאנד, וועט איהר זעהען, אז אין „דיא וועבער“ איז נאך ניט דא איין וויכטיגער מאמענט, וועלכער האט ניט ווירקליך פאסירט.

אויבערפלעכליך הייסט עס איז אין דעם ווערק געשילדערט דאס לעבען פון דיא וועבער, עס איז אבער קוים דא איין פאזע פון דעם יעצטיגען געזעלשאפטליכען לעבען, וועלכע איז ניט בעריהרט ביז צים ווארצעל אין דיזע דראמא: איהר האט פאר אלעם דעם קאפיטאליסט דרייסיגער מיט זיין גרויזאמקייט און מיט זיינע זי־סע ריידלעך, — מיט זיין הויט־שינדעריי און צדקה־געבעריי, מיט זיין פעראכטען דיא ארבייטער און דאך וועלען ביי זיי אויסנעמען; איהר געפינט דארט דיא ראללע פון דיא פרעססע, דיא עובדא פון פאליציי און מיליטער, דיא בעלי־טובות, דיא מיטעל־קלאססע, דיא אינטעליגענציע, דאס לומפען פראלעטאריאט, דיא אפפיציעלע רעליגיאנס פערטרעטער און דיא רעליגיאן, מיט איין ווארט איהר קענט קוים דענקען פון וועלכען עס איז פונקט אין דעם יעצטיגען עפענטליכען לעבען וואס איז ניט בעריהרט אין „דיא וועבער“.

„דיא וועבער“ צייכנען זיך אייגענטליך אויס מיט דעם, וואס דארט איז ניטא קיין איינצעלנער העלד, וויא עס איז דיא מאדע אין דיא דראמע שרייבעריי. דער הויפט העלד אין „דיא וועבער“ איז ניט דיזע אדער יענע פערזאן נור דיא גאנצע מאססע, דער מאססען־עלענד, דיא מאססען־האנדלונג, דער מאססען־אויפשטאנד, דיא מאססען־העלדישקייט און דיא מאססען־פסיכאלאגיע איז דער „העלד“ פון „דיא וועבער“, דער איינצעלנער שפיעלט דא גאר קיין ראלע ניט, און דאך וואסערע מערקווירדיגע בילדער, וואסערע אויסגעצייכענטע טיפען, וואסערע טיפע פסיכאלאגישע שילדע־רונג גיט אונז האופטמאן פון דיא איינצעלנע פערזאנען!

דיא וועבער זיינען גאנץ פראסטע, רויהע, אונגעבילדעטע, פערהארעוועטע, אויסגעהונגערטע און גראבע מענשען, איהר זעהט זיי אין א צייט פון אן אונבעוואוסטען און אונארגאניזירטען אויפשטאנד זיי ראבעווען, ברעכען, שטעכען און פערניכטען



דאך וויפיעל גוטמוטהיגקייט, געלאסענקייט, אפפערווילינקייט און העלדענמוטה געפינט איהר ביי זיי.

נעהמט צום ביישפיעל דעם אלטען הילזע, ער שפיעלט אין דיא דראמא א גאנץ קליינע ראלע, איהר זעהט זיך מיט איהם נור עטליכע מינוטען אין דעם לעצטען אקט. זיין בילד קענט איהר אבער לאנג ניט פערגעסען און דאס ליכט וואס ער ווארפט אויף דיא גאנצע דראמא, אדער בעסער אויף דעם גאנצען לעבען, איז אזוי העדליך, אזוי פאקענד, אזוי בעלעהרענד און צו דער זעלבער צייט אזוי ריהרענד, אז איהר קענט זיך קוים פון איהם אברייסען.

„איך זאג דיר גאטטליעב! זאגט דער אלטער הילזע צו זיין זונן, „צווייפעל ניט אין דעם איינאיינציגען, וואס מיר ארמע לייטע האבען. פאר וואס וואלט איך דען דא געזעסען, און געקוועטשט דאס בענקעל איבער פיערציג יאהר? און רוהיג צוגעזעהען וויא דארט דעריבער לעבען זיי אין וואהלטאג און שלאגען געלד פון מיין הונ־גער און צרות. פאר וואס דען? ווייל איך האב א האפפנונג, איך האב א טרייסט אין מיין נויט (דורכ'ן פענסטער ווייזענדיג) דוא האסט דא דיין עולם הזה — איך האב יענע וועלט, און איך האב זיך געלאזט ראבעווען. — איך בין זיכער אין דעם, מען האט'ס אונז צוגעזאגט. ס'איז דא א משפט: אבער ניט מיר זיינען דיא ריכטער, זאנדערן, לי הנקמה, נקמה געהערט צו מיר, זאגט גאט אונ־זער גאט! אט האט איהר אין עטליכע איינפאכע, אונגעקינצעל־טע ווערטער, דעם גאנצען העלדענמוטה פון דער רעליגיאן, דעם נעגאטיווען העלדענמוטה, דעם העלדענמוטה פון שטילען ליידען און פערטראגען; אט האט איהר דעם מקור פון אונגעצעהלטע צרות און ליידען, פון אומגליק און אונטערדריקונג. דאס ליידען ניט פון הילזע, דאס ליידען פון דיא גרעסטע טהייל פון דער מענשהייט, ווייל „עס איז דא א משפט. נור ניט מיר זיינען דיא ריכטער“. און מיינט ניט, אז דיעזער הילזע איז עפעס א פייגלינג, א ניין! ער האט זיין בלוט פערגאסען פאר זיין פאטערלאנד, א „קויל וויא א פינגערהוט איז געזעסען אין זיין ברוסט, און וויא ער האט א האנד פערלוירען, דאס ווייס דער קייזער“... „מורא האבען?“ זאגט ער, „פאר ווע‏מען מורא האבען“ אפילו, אז מען דארף שטארבען, האט ער אויף

## V.

ניט קיין מורא, „אָבער דאָן, גאָטטליעב ! דאָן קומט עטוואָס, און אז מען האָט דאָס אויך פערלוירען איז אַלעס פערשפּיעלט“. פון דעם איפּשטאנד וויל ער ניט הערען, ניט ער וועט זיך ארייגלאָזען אין אזעלכע גאָטלאָזע טהאטען. „דאָ שטעקט דער טייוועל אין דעם, דאָס איז דעם שטן'ס ארבייט“, פון דעסטוועגען ווען דיא וועבער הערען איהם ניט און געהן אוועק, שטעלט ער זיך מתפלל זיין צו גאָט פאר זיינע ברידער, דיא ארימע וועבער.

זיין שנור לאויזע איז פונקט דער היפך פון איהם. זיא איז אויך א גאָטספורכטיגע פרוי, זיא בעלאַנגט אָבער צו דיא קלאַססע מענשען וואָס ליידען אַלעס און פערטראָגען אַלעס ביז א צייט, ביז דיא געלעגענהייט קומט, ווען אָבער דיא געלעגענהייט קומט, ווייסען זיי קיינע גרענצען. אין דיא דראמע שפּיעלט זיא נאָך א קלע־נערע ראָלע פון הילזע, זיא רעדט נור א פּאָאר ווערטער (וואָס זיא טהוט זעהט מען ניט) אָבער דיא ווערטער עפענען פאר אייך א וועלט מיט געדאַנקען און געפיהלען.

לאויזע. (איבערוועלטיגט פון א ליידענשאַפטליכע אויפרעגונג) יא, יא, גאָטטליעב, דוא בעהאלט זיך אונטערען אויווען, נעהם דיר א לעפעל אין דער האנד אריין און א שיסעל מאַסלינקע צווישען דיא פיס, טהו זיך אָן א רעקעל און זאָג תהלים, דאָס וועט געפעלען דעם טאַטען — און דאָס וויל זיין א מאַן.

דער אַלטער הילזע (טרייסעלט זיך פון אונטערדריקטען כעס) און דוא ווילסט זיין א'ן אָרענטליכע פרוי ? לאָמיך דיר אַמאָל זאָגען, דוא ווילסט זיין א מאַמע, און דוא האָסט אזא בייז מויל, דוא ווילסט דיין מיידעל געבען ערציהונג און דוא העצט אויף דיין מאַן צו פערברעכען און שענדליכקייט.

לאויזע. (ווילד) מיט אייערע פרומע רייד.... דאפון איז מיר נאָך אַמאָל א קינד ניט זאַט געוואָרען, פון דעם זיינען זיי אַללע פיער געלעגען אין מיסט און איז שמאַטעס. פון דעם ווערט ניט אַמאָל א ווינדעלע טרוקען. איך וויל זיין א מאַמע, דאָס זאָלט איהר וויסען ! און טאַקע צוליעב דעם, דאָס זאָלט איהר וויסען, ווינש איך א מגפה זאָל קומען אויף אַלע פאבריקאַנטען, זיי זאָלען קיין מאָל פון גהינם ניט ארויס, טאַקע, ווייל איך וויל זיין א מאַמע......

## VI.

זאָל עס זיך נור דאָ אָנהויבען — צעהן פערד וועלען מיך ניט אָב־האַלטען.

מאַכען פּרושים אויף דיזען, הייסט אָבשוואַכען זייער וויר־קונג, איך האָב נור ארויסגעכאַפּט איינינגע ביישפּיעלע אום צו גע־בען דעם אונגעשולטען לעזער א בעגריעף פון דעם וואָס ער האָט צו זוכען אין דיעזער דראמא, און וויא געזאגט, איך האָף אז מאַנכער אידישער שרייבער וועט זיך בענוטצען מיט דיא געלעגענהייט צו מאַכען דעם ריכטיגען פּרוש אויף „דיא וועבער“.

וויא אזוי דיא איבערזעטצונג איז געמאַכט, דאָס מוז איך נאַטירליך איבערלאָזען פאר אַנדערע אורטהיילען, איך וויל נור זאָגען, אז איך האָב דאַביי געארבייט בדחילה ורחימה, איך האָב זיך געסטאַרעט צו זיין אזוי געטריי צו האופּטמאַן וויא נור מעגליך.

י. מ.

## פערזאָנען אין ערשטען אקט:

### פאבריקאנטען גרופפע:

דרייסיגער, בארכענט־פאבריקאנט

פייפער, עקספעדיטער
נייפאַן, קאסירער
א לעהר איגגעל
} ביי דרייסיגער.

### וועבער גרופפע:

בעקער. ערשטער וועבער.
דער אלטער באומערט. ערשטע וועבערין.
ריימאַן. איין אלטער וועבער.
הייבער. א איגגעל.

אז אנצאהל וועבער און וועבערינס.

---

## ערשטער אקט.

איין גרויס, גרוי־געטינקט צימער אין דרייסיגער׳ס הויז, אין פעטערסוואלד, דער פלאץ וואו דיא וועבער ברייגגען אב זייער פארטיגע ארבייט. לינקס זיינען פענסטער און פארהאנגען, אין דער הינטערוואנד איין גלעזערנע טיהר, רעכטס ווידער אזא גלעזערנע טיהר דורך וועלכע דיא וועבער, מענער, פרויען און קינדער האלטען אין איין אריין און ארויסגעהן. דיא וואנט זיינען מייסטען בעדעקט מיט הילצערנע פאכען פאר דעם בארכענט. אין דיא לענג פון דיא רעכטע וואנד ציהט זיך א באנק אויף וועלכע דיא אנגעקומענע וועבער צולייגען זייער סחורה. און איין׳ס נאך ס׳אנדערע געהען זיי צו און גיבען דיא סחורה צום איבערזעהען. דער עקספעדיטאר פייפער שטייט אונטער א גרויסען טיש, אויף וועלכען דיא וועבער לייגען זייער ארבייט צום איבערקוקען. ביי דיעזע ארבייט בענוצט ער זיך מיט א צירקעל אין א פערגרעסער־גלאז. ווען ער ווערט פערטיג מיט דעם איבערזעהען, לייגט דער וועבער דעם בארכענט אויף אוואגשאל און א לערן איגגעל פרובירט דאס געוויכט. דיא צוגענומענע סחורה לייגט דאס זעלבע איגגעל אויף

איינע פון דיא פאַבען. דיא סוממע וואָס מען דאַרף בעצאָהלען פאר דיא אַרבייט, שרייט דער עקספּעדיטאָר פייפער יעדעס מאָל אויס אויפ'ן קול צו דעם קאַסירער ניימאַן וועלכער זיצט ביי אַ קליין טישעל. ס'איז ענדע מאַי. אַ דושנער טאָג, דער זייגער ווייזט צוועלף. דיא מייסטע פון דיא וואַרטענדיגע וועבער זעהן אויס וויא מענשען וואָס שטעהען פאר אַ געריכט, וואו זיי ערוואַרטען מיט ווייטאָגדיגע אונגעדולד אַן אור־טהייל איבער טויט און לעבען. אויף אַלעמען זעהט זיך עפּעס אַ מין אויסדרוק, וועלכען מען קען נור זעהן ביי דעם בעטלער וואָס, פיהלענדיג אַז ער דאַרף זיך מאַכען שפל, איז געוואָהנט זיך צו האַלטען אַזוי נידעריג וויא מעגליך. דאַצו קומט נאָך א שטייפער, אויסדרוקלאזער, פייניגענדער צוג אין יעדענס מינע. דיא מענער, איינער צום אַנדערן עהנליך, האַלבע קאַרליקעס, זיינען מייסטענס פלאַך־ברוסטיגע, הוסטענדיגע, אַרמזעליגע מענשען מיט אַ שמוטציג־בלאַסע פאַרב: בעשעפּניסען פון דער וועב־שטוהל, מיט אויסגעקרימטע קניען פון צו פיעל זיצען. דיא פרויען זייערע ציינען אויף דעם ערשטען בליק ווייניגער טיפּישעס אַרויס. זיי זיינען שוואַכע, אויסגעצעהרטע און אויסגעהאָרעוועטע, וועהרענד דיא מענער צייגען נאָך אַרויס אַ קלעגליכע שטאָלצקייט. זיי זיינען געקליידעט אין צוריסענע שמאַטעס, וועהרענד דיא מענער זיינען נאָך אַ ביסעל אויסגעצירעוועט. דיא יונגע מיידלעך זיינען צייטענווייז ניט אָהן חן, אָבער דיעזע האָבען אַ וועקסענע בלאַסקייט, צאַרטע פאָרמען און גרויסע, אויסגעגלאָצטע, מעלאַנכאָלישע אויגען.

———

קאַסירער ניימאַן. (ציילענדיג געלד) בלייבט זעכצעהן זילבער גראָשין און צוויי פעניג.

ערשטע וועבערין. (דרייסיג יעהריגע פרוי, זעהר אויסגעצערט, נעמט דאָס געלד צוזאַמען מיט ציטעריגע הענד) דאַנק איייך זעהר.

ניימאַן. (ווייל דיא פרוי געהט ניט אוועק) נו, שטימט שוין ווידער ניט?

ערשטע וועבערין. (מיט בעטענדיגע מינע) אַ פּאָר פעניג פאָראויס וואָלט איך אַזוי נייטיג בעדאַרפט.

ניימאַן. איך דאַרף נייטיג אַ פּאָר הונדערט טאָלער.



ווען עס זאָל זיך נור ווענדען אין דעם, וואָס מען דאַרף נייטיג (בעשעפטיגט זיך מיט אויסצאָהלען אַ צווייטען. קורץ:) ווענען פאָראויס דאַרף העהר דרייסיגער אַליין בעשטימען.

ערשטע וועבערין. קען איך אפשר אַ מאָל מיט העהר דרייסיגער אַליין ריידען?

עקספּעדיטאָר פייפער. (אַ געוועזענער וועבער. דאָס טיפּישע ליעגט איהם אויפ'ן פנים. ער איז אָבער גוט אויסגעפּאשעט, שיין בעקליידעט און גלאַט ראַזירט, ער איז אַ גרויסער טאַבאַק שמעקער. ער שרייט אויס מיט אַ גראָב קול:) העהר דרייסיגער וואָלט נאָט וויים וויפיעל אַרבייט געהאַט, ווען ער זאָל זיך דאַרפען אָבגעבען מיט יעדער קליינינקייט. אויף דיזען זיינען מיר דאָ. (ער צירקעלט און קוקט דורך דעם פערגרעסער גלאָז.) וואָס איז דאָרט אַזאַ צוק! (ער וויקעלט זיך אַרום דעם האַלז מיט אַדיקען שאַל) פערמאַכט דאָרט דיא טיער. ווער קומט דאָס אַריין?

דער לעהרלינג (אויפ'ן קול צו פייפערן) רייד צו זיי איז אַקוראַט וויא ריידען צו קלעצער.

פייפער. נו, היידאַ ווייטער! ווענען! (דער וועבער ליגט דעם בארכענט אויף דיא וואָג.)

פייפער. ווען איהר וואָלט כאָטש אייער פאַך אַ ביסעל בעסער פערשטאַנען. ס'איז דאָך פול מיט טרעפ. מען דאַרף גאָר ניט ווייטער קוקען. ביי אַ גוטען וועבער קומט דיא אַרבייט גאָר אַנדערש אַרויס.

בעקער. (קומט אריין. אַ יונגער אויסנאַהמסווייזע שטאַרקער וועבער. זיין בענעהמונג איז גאַנץ פריי, כמעט פרעך. פייפער, ניימאַן און דער לעהרלינג קוקען זיך איינס ס'אַנדערע אָן ביי זיין אריינקומען) צום טייוועל! דאָ קען מען זיך אויסשוויטצען וויא אין אַ שוויטצבאָד.

ערשטער וועבער. ס'פערנעהמט זיך גאָר אויף אַ רעגען.

דער אַלטער באומערט. (שטופּט זיך אריין דורך דיא גלעזערנע טיהר רעכטס. הינטער דיא טהיר זעהט מען פיעלע איינגעקוועטשטע וועבער, וואס וואַרטען אויף אריינצוגעהן. דער אַלטער האָט

זיך דורכגעשטופט און האָט זיין פּאַק אַוועקגעלייגט אויף דיא באַנק נעבען בעקערין. ער זעצט זיך נעבען דעם פּאַק און ווישט זיך דעם שווייס.) דאָ פערדיענט מען זיך כשר אָבצורוהען.

ב ע ק ע ר. מנוחה איז בעסער וויא אַ זאַק מיט געלד.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ב א ו מ ע ר ט. אַ זאַק געלד וואָלט אויך ניט געשאַט. גוט מאָרגען אייך, בעקער!

ב ע ק ע ר. גוט מאָרגען אייך, פעטער באומערט. מען מוז ווידער וואַרטען ווער ווייס וויא לאַנג.

ע ר ש ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. וואָס מאַכט דען אוים? אַ וועבער מעג וואַרטען אַ שטונדע אָדער אַ טאָג. אַ וועבער איז אויך אַ זאַך?

פ י י פ ע ר. שווייגט דאָרט שטיל אונטען. מען קען ניט הערען וואָס מען רעדט אַליין.

ב ע ק ע ר (שטיל). דאָס משוגעת איז איהם שוין היינט ווידער אָנגעקומען.

פ י י פ ע ר. (צו דעם וועבער נעבען איהם) וויפיעל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, איהר זאָלט בעסער פּוטצען. ס׳אַרע פּאַרטאַצקע ארבייט איז דאָס? דאָ זיינען דאָך קנוילען וויא מיין פינגער לאַנג און שטרוי און אַלערהאַנד פּאַסקודסטוואָ.

ל ע ר ז  א י נ ג ע ל. (וועגט דעם באַרכענט) און צו דער וואָג פעהלט אויך.

פ י י פ ע ר. שיינע וועבער האָבען מיר דאָס. אַ שאָד יעדער פּאָדים וואָס מען גיט ארוים. רבונו של עולם, אין מיינע צייטען האָט דאָס בעדאַרפט זיין! מיין מייסטער וואָלט דאָס מיר אוועקגענעבען. דעמאָלט איז וועבעריי גאָר געווען אַנאַנדער זאַך, דעמאָלט האָט מען בעדאַרפט זיין אַ בעל מלאכה, היינט דאַרף מען דאָס שוין ניט. — ניימאַן, צעהן זילבער גראָשען.

ו ו ע ב ע ר  ר י י מ א ן. מען רעכענט דאָך אַלע מאָל אָב אַ פונט וואָס ארבייט זיך איין?

פ י י פ ע ר: איך האָב קיין צייט, היידא, ווייטער. וואָס האָט איהר?

ו ו ע ב ע ר  ה י י ב ע ר. (לייגט זיין געוועב ארויף. און אין



דער צייט וואָס פייפער אונטערזוכט גייט ער צו איהם צו, רעדט מיט אַ האַלבען מויל, בעטענדיג זיך אָהן אויפהער) פערצייהען זיי מיר, הערר פייפער, איך וואָלט זיי גיטיגס געבעטען, זיי זאָלען אַזוי פריינדליך זיין, זיי זאָלען מיר טהאָן דיא טובה און געפעליגסט היינט ניט אָברעכענען דעם פאָראוים, וואָס איך בין שולדיג.

פ י י פ ע ר. (צירקלענדיג און קוקענדיג. לאַכט) נו, נו, דאָס איז שיין! איהר האָט געמוזט פערגעסען האַלב אויף דעם ווערק־שטאַט?

ו ו ע ב ע ר  ה י י ב ע ר. (רעדט ווייטער וויא פריהער) איך וועל דאָס זעהר גערן אָבאַרבייטען דיא קומענדע וואָך. יענע וואָך האָב איך געמוזט ארבייטען צוויי טעג פאַר פּאַנשטשיזנע. דאַצו ליעגט נאָך מיינע קראַנק אין דער היים.

פ י י פ ע ר. (לייגט דאָס שטיק אויף דיא וואָג) דאָס איז ווידער אַ שטיק פּאַרטאַצקע ארבייט (נעהמט אַ נייע שטיק געוועב צום איבערזעהן) אַזאַ מין לאַטעריי. דאָ איז ברייט, דאָ איז שמאָל, דאָ האָט עס זיך איינגעריסען, דאָ האָט עס זיך צוצויגען, אויף איין צאָל קוים זיעבציג פעדים, וואו איז דען דאָס איבריגע? וואו איז דיא עהרליכקייט? יאָ, יא, דאָס געפעלט מיר!

ו ו ע ב ע ר  ה י י ב ע ר. (אונטערדריקט דיא טרערען, שטייט דעמוטיג און הילפלאָז.)

ב ע ק ע ר. (מיט אַ האַלב קול צו באומערט׳ן) מען וואָלט איהם נאָך בעדאַרפט צוקויפען פּאָדעם, דעם ממזר.

ע ר ש ט ע  ו ו ע ב ע ר  פ ר ו י. (וועלכע האָט זיך נור אָבי־סעל אָבגערוקט פון׳ם קאַססע טיש, און האָט זיך פון צייט צו צייט אומ־געקוקט מיט אַ רחמנות׳דיגען פנים, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט, מאַכט זיך האַרץ און ווענדעט זיך נאָך אַ מאָל צום קאַסירער בעטענדיג). איך וועל באַלד קענען... איך ווייס גאָר ניט, ווען זיי וועלען מיר ניט דאָס מאָל געבען אין פאָראוים... אַ גאָט, ליעבער גאָט...

פ י י פ ע ר. (שרייט אריבער) לאָזט נאָר גאָט צופריעדען. איהר זייט געוועהנליך ניט קיין גרויסע מחותנים מיט גאָט, גיט ליעבער אַכטונג אויף אייער מאַן, ער זאָל ניט אַזוי פיעל זיצען אין קרעצמע. מיר קענען קיין פאָראוים ניט געבען. מיר מוזען אָבגע־

בען רעכנונג. ס׳איז ניט אונזער געלד. מען פערלאנגט עס פון אונז. ווער ס׳איז פלייסיג און פערשטעהט זיין ארבייט, און טהוט זיין ארבייט וויא גאט האט געבאטען, דער בעדארף ניט קיין פאראויס בעצאהלט. היידא, ווייטער.

נ י י מ א ן. און ווען א בילאוואר וועבער קריעגט פיער מאל אזוי פיעל בעצאהלט, פער׳שיכור׳ט ער פיער מאל אזוי פיעל, און מאכט נאך חובות.

ע ר ש ט ע  װ ע ב ע ר י ן. (חויך, אפפעלירענדיג צו דעם גערעכטיגקייטס־געפיהל פון דיא אנוועזענדע.) איך בין געוויס קיין מאל ניט פויל, איך קען דאס אבער שוין מעהר ניט אויסהאלטען. צוויי מאל האט זיך מיר דאך געלאזען דאס בלוט. און מיין מאן, פון איהם איז דאך שוין האלב געבליעבען. ער האט שוין אלעס איבערגעטאן, אבער עס העלפט... מיט געוואלט קען מען דאך ניט נעמען. מיר ארבייטען געוויס אויף וואס מיר פערדיענען. איך האב שוין פיעלע וואכען קיין אויג ניט צוגעמאכט. עס וועט שוין א ודאי בעסער ווערען, ווען איך זאל נאר קענען דאס שוואכקייט פערטרייבען, אבער זיי מוזען דאך האבען איינזעהען (בעט שמייכ־לענדיג) האט דאך רחמנות און גיט מיר כאטש עטליכע גראשען אין פאראויס.

פ י י פ ע ר. (גאנץ אונגעשטערט) פיעדלער, עלף זילבער גראשען.

ע ר ש ט ע  װ ע ב ע ר י ן. כאטש א פאר גראשען, עס זאל זיין גענוג אויף ברויט. דער קרעמער געטרויט שוין ניט מעהר, מען האט א פולע שטוב מיט קינדער...

נ י י מ א ן. (מיט א האלבען קול און קאמישען ערנסט צום לעהרען אינגעל) דיא וועבער האבען אלע יאהר א קינד, אלע ווילע, אלע ווילע, פוה, פוה, פוה.

ר י י מ א ן. (טשעפעט ניט דאס געלד וואס דער קאסירער האט איהם אויסגעצאהלט) מיר האבען דאך אימער געקריגען צוועלף און א האלב גראשען פאר א געוועב?

פ י י פ ע ר. (שרייט אריבער) ווען עס געפעלט אייך ניט, ריימאן, דארפט איהר נאר זאגען איין ווארט, ס׳איז פאראן גענוג



וועבער. גאנצע בערג אזעלכע וויא איהר. פאר א פולע וואג קריגט מען פול בעצאהלט.

װ ע ב ע ר  ר י י מ א ן. זאל דא פעהלען צו דיא וואג...

פ י י פ ע ר. ברענגט בארכענט אהן פעהלערן, וועט פון דעם בעצאהלט אויך ניט פעהלען.

װ ע ב ע ר  ר י י מ א ן. אז דאס דא זאל האבען אזוי פיעל פעהלערן, דאס קען דאך גאר ניט מעגליך זיין.

פ י י פ ע ר. (איבערקוקענדיג) ווער גוט וועבט, דער גוט לעבט.

װ ע ב ע ר  ה י י ב ע ר. (שטייט דיא גאנצע צייט נעבען פייפער׳ן אום צו פאקען א גינסטיגען אויגענבליק. שמייכעלט צו צו פייפער׳ס חכמה, נו, גייט ער צו נעהנטער און הייבט ווידער אן וויא דאס ערשטע מאל) איך וואלט זיי ווערען בעטען, העהר פייפער, אויב זיי וואלטען פילייכט וועלען אזוי בארמהערציג זיין און מיר דאס מאל ניט אברעכענען דעם פאראויס. מיינע ליעגט שוין פון פסח אן פערקרימט אין בעט, זיא קען מיר קיין שטאך ארבייט ניט פער־ריכטען, מוז איך בעצאהלען א שפול־מיידעל. דעריבער...

פ י י פ ע ר. (שמעקט טאבאק) הייבער, איך האב ניט נאר אייך אליין. דיא אנדערע ווילען אויך א געלעגענהייט.

װ ע ב ע ר  ר י י מ א ן. וואסער גארן איך האב געקרי־גען אזעלכען האב איך אויסגעוועבט. קיין בעסערען גארן וויא איך האב געקראגען, קען איך ניט צוריק ברייננגען.

פ י י פ ע ר. ווען עס געפעלט אייך ניט, דארפט איהר מעהר קיין גארן ניט נעמען. מיר האבען גענוג לייטע וואס שלאגען זיך אב דיא פיס לויפענדיג, אבי זיי זאלען דאס גור בעקומען.

נ י י מ א ן. (צו ריימאן) ווילט איהר דאס געלד ניט נעמען?

װ ע ב ע ר  ר י י מ א ן. איך קען מיך מיט דיזען געלד ניט צופרידען שטעלען.

נ י י מ א ן. (קימערט זיך מעהר ניט וועגען ריימאן) הייבער, צעהן זילבער גראשען. געהט אראב פינף פאראויס, בלייבט פינף זילבער גראשען.

װ ע ב ע ר  ה י י ב ע ר. (געהט צו, קוקט אויף דעם געלד,

שטעהט, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ וויא ער קען זיך גאָר ניט גלויבען. און נעמט דאָס געלד געלאָסען צוזאַמען) אָה, גאָט, גאָט (זיפצט) נו, יא. יא.

דער אלטער באומערט. (קוקט הייבער'ן אין פּנים אריין) יא, יא. פראַנטיז, דאָ קען מען שוין אַ מאָל אַ זיפץ טאָן.

וועבער הייבער. (קוים וואָס ער רעדט.) בערעכען, אין דער היים ליעגט מיר אַ מיידעל קראַנק, איך וואָלט דאָך גע־קענט קויפען אַ פלעשעל מעדיצין.

דער אלטער באומערט. וואָס פעהלט איהר?

וועבער הייבער. פון קליינווייז אויף איז זיא אַ שטיק צרה... פרעג מיך בחרם... נו, דיר מעג איך דאָך זאָגען: — זיא איז מיט דעם געבוירען געוואָרען. עפּעס אַזא מין אויסשלאַג, אונ־ריין בלוט... פון קאָפּ ביז דיא פיס איז זיא בעדעקט.

דער אלטער באומערט. יעדער האָט זיין צרה. וואו דער דלות כאַפּט זיך אריין, קומט שוין אומגליק נאָך אומ־גליק. דאָ איז שוין קיין מנוחה און קיין הילף ניטאָ.

וועבער הייבער. וואָס טראָגסטו עפּעס איינגע־פּאַקט אין דעם טיכעל?

דער אלטער באומערט. מיר זיינען שוין גאָר אויסגעליידיגט אין דער היים, האָב איך געלאָזט קוילענען דאָס קליינע הינטעל. פיעל איז דאָ אויך ניטאָ. הויט און ביינער. ס'איז דאָך האַלב פערהונגערט. ס'איז געווען אַ שיין הינטעלע. איך האָב עס אַליין ניט געוואָלט קוילענען. מיין האַרץ האָט מיר ניט פער־טראָגען.

פּייפער. (האָט איבערגעקוקט בעקערס געוועב. שרייט:) בעקער, דרייצעהן און אַ האַלב זילבער גראָשען.

בעקער. דאָס איז אַן אָרימע נדבה, אָבער ניט קיין אַר־בייטס לוין.

פּייפער. וועמ'ער ס'איז פערטיג, זאָל אַרויסגיין. מיר ווע־לען זיך פריהער ניט ריהרען.

בעקער. (צו דיא אַרומשטעהענדיגע אויף דעם זעלבען קול) דאָס איז אַן אָרימעס ביער געלד, ווייטער נישט. און דאָ זאָל מען ארבייטען פון מאָרגען פריה ביז דיא זינקענדע נאַכט. און ווען מען



איז געלעגען אַכטצעהן טאָג איבער דיא וועב־שטוהל, יעדען אבענד אויסגעמוטשעט און אויסגעטריקענט פון שטויב און היטץ, האָט מען זיך שוין פערדיענט דרייצעהן און אַ האַלב זילבער גראָשען.

פּייפער. היער מוז מען דאָס מויל האַלטען.

בעקער. פון אייך לאָז איך מיר נאָך לאַנג ניט פערמאַ־כען דאָס מויל.

פּייפער. (שפּרינגט אונטער און שרייט) דאָס וועלען מיר שוין זעהן. (לויפט צו צו דיא גלעזערנע טהיר און שרייט) העדר דרייסיגער, העדר דרייסיגער, ווילען זיא אַזוי פריינדליך זיין.

דרייסיגער (קומט אריין, אַ מאַן פון אַ יאהר פערציג, מיט א רונדע בייכעל, סאַפּעט שווער, מיט שטרענגער מינע.) וואָס טהוט זיך עס דאָ, פּייפער?

פּייפער. (מיט בייזקייט) בעקער וויל זיין גרויס מויל ניט האַלטען.

דרייסיגער. (מאַכט א'ן ערענסטע מינע, פערווערפט דעם קאָפּ און קוקט אויף בעקער'ן מיט אַ פערצויגענער נאָז.) אַ, אַזוי, בעקער — (צו פייפער) איז דאָס דער.....?

(דיא משרתים שאָקלען מיט'ן קאָפּ).

בעקער. (פרעך) יא, יא העדר דרייסיגער! (ציינגט אויף זיך) דאָס איז דער (צייגט אויף דרייסיגער) און דאָס איז דער.

דרייסיגער. (אין כעס) וואָס ערלויבט זיך דער מענש?

פּייפער. איהם געהט עס צו גוט. ער וועט אַזוי לאַנג טאַנצען אויפ'ן אייז, ביז ער וועט זיך אויסגליטשען.

בעקער. (ברוטאל) אָה, דו ממזר, האַלט דיין פּיסק! דיין מאַמע האָט זיך געמוזט פערזעהן אויף אַ שד, דאָדורך איז פון דיר ארויסגעקומען אַזא טייוועל.

דרייסיגער. (ברעכט אויס מיט גרימצאָרן און ברילט.) האַלט דיא מאָרדע! דיא מאָרדע זאָלסטו האַלטען, אז ניט......

(ער וואַרפט זיך פאר כעס און געהט עטליכע שריט פאראויס.)

בעקער. (ענטשלאָסען) איך בין ניט טויב, איך העָר גאַנץ גוט.

ד ר י י ס י נ ע ר. (בעהערשט זיך, פרעגט מיט א כלומר'שט סוחר'מעסיגע רוהיגקייט) איז דיזער חברה־מאז אויך דאביי געוועזען?

פ י י פ ע ר. דאס איז א ביעלאוזער וועבער און וויא נור עפעס א'ן אויפגערידער, קענט איהר דיזע לייטע געפינען.

ד ר י י ס י נ ע ר. (ציטערנדיג.) איך זאג אייך אלזא, זאל דאס נאך א מאל פאסירען, זאל נאך איין מאל אזא האלב פערשי־כורטע באנדע, אזא באנדע סמארקאטע פויליאקעס, זיך פערביי־שלעפען פאר מיין הויז וויא געסטערען אבענד — מיט דיעזען נידער־טרעכטיגען ליעד. . . . . .

ב ע ק ע ר. דאס בלוטיגע געריכט, מיינען זיא?

ד ר י י ס י נ ע ר. ער וועט שוין וויסען, וועלכעס איך מיין. איך זאג אייך אלזא: הער איך דאס נאך אמאל, וועל איך אנ־נעהמען איינעם פון אייך און—אויף מיין עהרענווארט, איך שפאס ניט — און וועל איהם אבגעבען אין געריכט, און ווען איך זאל אויס־געפונען, ווער דאס עלענדע ליעד. . . . .

ב ע ק ע ר. דאס איז א שיין ליעד, דאס —

ד ר י י ס י נ ע ר. נאך איין ווארט און איך שיק נאך דיא פאליציי — אויף דיא שטעלע, — איך ווארט ניט לאנג — מיט אייך יונגאטשעס וועל איך שוין פערטיג ווערען. איך בין שוין מיט גרע־סערע פון אייך פערטיג געווארען.

ב ע ק ע ר. דאס גלויב איך אייך שוין. אזא גרויסער פאב־ריקאנט, קען פערטיג ווערען מיט א צוויי־דריי־הונדערט וועבער אידער מען קוקט זיך ארום. עס וואלט אפילו קיין צובראכען בייני־דעל ניט געבליעבען. אזא וויא איהר האט פיער מאגענס וויא א קוה, און ציינער וויא א וואלף. יא, יא, דאס איז א קליינינקייט ביי אזעל־כען.

ד ר י י ס י נ ע ר. (צו זיינע משרתים) דער מענש קריעגט קיין שטאך ארבייט ביי אונז ניט מעהר.

ב ע ק ע ר. צו איך פערהונגער ביים וועב־שטוהל צו אויפ'ן גאס, איז מיר א קליינע נפקה מינה.

ד ר י י ס י נ ע ר. ארויס! זאלסט מיר שוין ארויס געהן.



ב ע ק ע ר. (פעסט) פריהער בעצאהלט וואס מיר קומט.

ד ר י י ס י נ ע ר. וויפיעל קומט דעם קערל, ניימאן?

נ י י מ א ן. צוועלף זילבער גראשען פינף פעניג.

ד ר י י ס י נ ע ר. (נעמט האסטיג דאס געלד פון דעם קאסי־רער, און גיהט עס אזא ווארף אויף דעם טיש, אז עטליכע מטבעות קייק־לען זיך אראב אויף דרערד) נא, היער! נו, שנעל ארויס, ארויס פון מיינע אויגען!

ב ע ק ע ר. פריער בעצאהלט וואס מיר קומט.

ד ר י י ס י נ ע ר. דא ליעגט זיין בעצאלט: און אויב ער געהט מיר ניט באלד ארויס פון דאנען. . . . . ס'איז פונקט צוועלף. . . . . מיינע פארבער געהן יעצט אויף מיטאג. . . . .

ב ע ק ע ר. מיין בעצאהלט געהערט אין מיין האנד אריין, אט דא אהער געהערט עס. (ער ווייזט מיט דעם פינגער פון דער רעכ־טער אויף דער פלאכער זייט פון דער לינקער האנד.)

ד ר י י ס י נ ע ר. (צום לערן אינגעל.) הייבען זיא דאס אויף, טילגנער.

ל ע ר ן י ו נ ג ע ל. — (טהוט אזוי, לייגט דאס געלד אין בעקערס האנד אריין.)

ב ע ק ע ר. אלעס מוז צוגעהן מיט א ריכטיגען ארדנונג. (לייגט גאנץ געלאסען דאס געלד אין א'ן אלטען ביוטעל אריין.)

ד ר י י ס י נ ע ר. (אונגעדולדיג) נו? (ווייל בעקער ריהרט זי נאך אלץ ניט) אפשר אונטערהעלפען?

(צווישען דיא צוזאממענגעקוועטשטע וועבער, חיובט זי אן א בע־וועגונג, יעמאנד לאזט ארויס א לאנגען טיעפען זיפץ. נאכדעם געשיט א פאל. אלע פעראינטערעסירען זיך מיט דעם פארפאל.)

ד ר י י ס י נ ע ר. וואס איז עס דארט?

פ ע ר ש י ע ד ע נ ע ו ו ע ב ע ר א ו ן ו ו ע ב ע ־ ר י נ ס. ס'איז איינער געפאלען אין חלשות — ס'איז עפעס א קליין אינגעל, איז ער קראנק צו וואס?

ד ר י י ס י נ ע ר. יא. . . . וויא אזוי. . . . ? געפא־לען אין חלשות? (ער געהט צו נעהנטער.)

א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. אט דא ליעגט ער. (זיי צוריקען

זיך און מען זעהט א'ן אונגעפער אכט יעהריגען אינגעל ליעגען אויף ד'רערד וויא טויט.)

דריסינגער. קען ווער דאס אינגעל?

אלטער וועבער. פון אונזער דארף איז ער ניט.

דער אלטער באומערט. דער, זעהט מיר אויס וויא היינריך'ס, (ער בעטראכט איהם גענוי) יא, יא, דאס איז היינריך'ס גוסטאוועל.

דריסינגער. וואו וואהנען דיא לייטע?

דער אלטער באומערט. ביי אונז אין קאשבאך, העדר דרייסינגער, ביי נאכט געהט ער ארום שפיעלען און ביי טאג ליעגט ער איבער'ן וועב־שטוהל. זיי האבען ניין קינדער און דאס צעהנטע איז שוין אונטערוועגענס.

פערשיעדענע וועבער און וועבערינס. דיא לייטע געהט עס זעהר שלעכט. — זיי רעגענט אריין אין שטוב. — דיא פרוי האט קיין צוויי העמדלעך פיר דיא ניין קינדער.

דער אלטער באומערט. (שטעלט אויף דאס אינגעל) נו, אינגעל, וואס איז מיט דיר? וואך דאך אויף!

דריסינגער. נעמט אלע און, מיר וועלען איהם אויפהייבען, א שכל דאס איז, צו נעמען אזא שוואך קינד און שיקען אזא וויטען וועג. ברייננגט אביסעל וואסער, פייפער!

וועבערין. (העלפען איהם אויפשטעלען) מאך זיך נור ניט נאריש אינגעל און מאך ניט קיין שטארב.

דריסינגער. אדער קאניאק, פייפער, קאניאק איז בעסער.

בעקער. וועלכער איז געשטאנען דיא גאנצע צייט מיט דער האנד אויף דער קליאמקע און זיך צוגעקוקט האט א געשריי געגעבען מיט שפאט) גיהט איהם עפעס צו פרעסען, וועט ער שוין צו זיך קומען. (געהט ארויס).

דריסינגער. דער יונג וועט קיין גוטען סוף ניט האבען, נעהמט איהם אונטער'ן ארם, ניימאן, — לאנגזאם. . . . .



לאנגזאם. . . . . אזוי. . . . . אזוי. . . . . מיר וועלען איהם אריינגעמען אין מיין צימער. . . . וואס ווילט איהר דען.

ניימאן. ער האט עפעס געזאגט, העדר דרייסינגער, ער מאכט מיט דיא ליפען.

דריסינגער. וואס — ווילסטו דען, אינגעל?

דאס אינגעל. (סאפעט) מיך הו. . . . הונגערט.

דריסינגער. (ווערט בלייך) מען פערשטעהט ניט וואס ער מיינט.

וועבערין. איך גלויב, ער מיינט. . .

דריסינגער. מיר וועלען שוין זעהן, האלט מיך ניט אויף — ער קען זיך לייגען אויף מיין סאפא, מיר וועלען הערען וואס דער דאקטאר וועט זאגען. (דרייסיגער, ניימאן און וועבער־פרויען פיהרען דאס אינגעל אריין אין קאנטאר. צווישען דיא וועבער ווערט א בעוועגונג, וויא ביי חדר אינגלעך ווען דער רבי געהט ארויס, מען רודערט זיך און מען ציהט זיך; מען סוד'עט זיך, מען שטעלט זיך פון איין פוס אויפ'ן צווייטען, אין א פאר סעקונדען ריידען אלע אויפ'ן קול).

אלטער באומערט. ביי מיר קומט אויס, אז בעקער האט דאך רעכט. (אלע ריידען.)

עטליכע וועבער און וועבערינס.— איך זאג דאך אויך דאס זעלבע — דאס איז גאר ניט קיין נייעס, אז איינער פאלט אמאל פון הונגער. — וואס וועט נאך זיין ווינטער, ווען מען וועט אזוי האלטען אין איין אראברייסען. — און דיא קארטאפעל זיינען דאס יאהר אויך ניט געראטען. — דא וועט שוין ניט אנדערש ווערען ביז מיר וועלען ליעגען מיט'ן פופיק קאפויר.

דער אלטער באומערט. אם בעסטען איז צו מאכען וויא דער נענוויקער וועבער. מען לייגט זיך א שטריקעל ארום דעם האלדז און מען קניעפט עס צו צו דעם וועב־שטוהל. נא, נעם א שמעק טאבאק, איך בין געוועזן אין נייראד, דארט ארבייט מיין שוואגער אין דער טאבאק פאבריק, האט ער מיר געגעבען אביסעל. וואס טראגסטו עפעס גוטס אין דעם טיכעל?

אלטער וועבער. ס'איז אביסעל פערעלגראפען, דעם מילנערס וואגען איז פארביי געפאהרען און איין זאק איז גע־

ווען אביסעל אויפגעריסען. דאס איז מיר געקומען וויא געוואונשען,
מעגסט מיר גלויבען.

ד ע.ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. אין פעטערסוואלד
זיינען דא צוויי און צוואנציג מיהלען און פאר אונז פאלט גאר ניט
אב.

א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. מען דארף נור ניט פערליערען
דעם האפנונג. עס מאכט זיך שוין אלע מאל עטוואס וואס העלפט א
מענשען אביסעל וויטער.

ו ו ע ב ע ר ה י י ב ע ר. אה יא, אז דער הונגער קומט,
דארף מען זאגען עטליכע קאפיטלעך תהילם, און אז מען ווערט נאך
אלץ ניט זאט, נעהמט מען א שטיין אין מויל אריין און מען נאגט.
„וואס זאגט איהר באומערט?"

(דרייסיגער, פייפער און דער קאסירער קומען אריין.)

ד ר י י ס י נ ע ר. ס'איז געווען א גאר ניט, דאס אינגעל
איז שוין וויעדער געזונד. (גייט ארום אויפגערעגט און סאפעט) דאך
איז עס א געוויסענלאזיגקייט, דאס קינד איז דאך וויא א שטרוי!
עס איז דאך גאר ניט צו בעגרייפען וויא מענשען. . . . וויא עלטע-
רען קענען זיין אזוי אונפערנינפטיג, הענגען איהם אן צוויי שאק
בארכענט און שיקען אוועק פאר אנדערטהאלב מיילען. ס'איז גאר
ניט צו גלויבען, איך וועל איינפאך מוזען זעהן מען זאל פון קינדער
מעהר ניט אבנעמען קיין סחורה. . . . . (ער גייט א ווילע ארום
שטיל) יעדענפאלס איז מיין ערנסטער וואונש אזעלכעס זאל נאך
אמאל ניט פארקומען. — אויף וועמענס קאפ פאלט רען דאס? אויף
דעם פאבריקאנט, נאטירליך. אין אלעם זיינען מיר שולדיג. ווען אזא
ארעם אינגעל בלייבט ווינטער שטעקען אין שניי און שלאפט איין,
קומט באלד צו לויפען א שרייבערעל און אין צוויי טעג ארום, זיינען
אלע צייטונגען פול מיט דיא שודערליכע געשיכטע. דער פאטער, די
עלטערען וואס שיקען אזא קינד. . . . . זיי זיינען דען עפעס שול-
דיג? חלילה! דער פאבריקאנט מוז עס אויסשטיין, דער פאברי-
קאנט איז דאס כפרה היהנדעל; דער וועבער ווערט איממער געג-
לעט, אבער דער פאבריקאנט כאפט איממער דיא קלעפ: ער איז
א מענש אהן א הארץ, א שטיין, א געפעהרליכער קערל, וועמען יעדער



צייטונגס — הונד מעג בייסען אין דיא ליטקעס. ער לעבט גרויסאר-
טיג און איז פריידען און גיהט דיא ארעמע וועבער הונגער-לויז. —
אז אזא מענש האט אויך זארגען, אז ער קען פיעלע נעכט ניט שלא-
פען, אז ער שטייט אלע מאל אין א ריזיקע פון וועלכע דעם ארביי-
טער חלומט אפילו ניט, אז דאס חיסור'ן און חילוק'ן און כפל'ען,
דאס חשבון'ען און חשבון'ען אליין פערדרייט איהם אמאל אזוי דעם
קאפ, אז ער ווייס ניט אויף וועלכע וועלט ער איז. אז ער מוז הונ-
דערט זאכען איבערלייגען און איבערטראכטען, און איממער וועה-
רענד קאנקורירען און קעמפפען אויף לעבען און טויט, זא צו זאגען;
אז עס געהט ניט אוועק א טאג אהן עגמת נפש און היזק. פון דיזען
אלעם שווייגט דער פסוק. און וואס הענגט ניט אלעם ארום
דעם פאבריקאנט, און וואס זויגט מען אלעם ניט פון דעם פאברי-
קאנט, און וואס וויל מען אלץ ניט פון איהם. נו, נו, איהר זאלט נור
אמאל געפרופט ווערען מיט מיין טעם, ס'וואלט אייך שנעל פער'-
מיאוסט געווארען. (נעמט צוזאממען דיא געדאנקען) וויא האט זיך
דאס דא דער שייגאץ, דער יונגאטץ, דער בעקער אויפגעפיהרט!
יעצט איז ער אוועק און וועט אויספאקען, אז איך בין ווער ווייס
וואס'ער טיראן, פאר יעדע קליינינגקייט ווארף איך דיא וועבער, מיר
ניט דיר ניט, ארויס אויף'ן גאס. איז דאס אבער אמת? בין איך
טאקי אזוי שלעכט?

פ י ע ל ע ש ט י מ מ ע ן. ניין, הערר דרייסיגער.

ד ר י י.ס י ג ע ר. מיר שיינט אויך אזוי, און דא שלעפען
זיך דיא שקצים ארום און זינגען געמיינע ליעדער אויף אונז פאב-
ריקאנטען, ריידען פון הונגער און האבען אזוי פיעל איבעריג, אז זיי
טרינקען בראנפען קווארט — וווייז. זאלען זיי אמאל אריין שטעקען
זייער נאז אנדערשוואו, און זעהן וויא עס גייט צו ביי די ליינוואנד-
וועבער. דיזע קענען ריידען פון נויט. אבער איהר דא, דיא בארכענט
וועבער, איהר מעגט נאך צעהן מאל א טאג גאט דאנקען. און איך
פרעג אייך דא אלע, וואס זיינען דא יעצט: קען א'ן אנשטענדיגער
ארבייטער אויסקומען ביי מיר אדער ניט.

ז ע ה ר פ י ע ל ע ש ט י מ מ ע ן. יא, הערר דרייסיגער!

ד ר י י ס י ג ע ר. נו, זעהט איהר, אזא יונגאטץ וויא בעקער,

געוויס ניט. אבער איך ראטה אייך, האלט דעם יונג אין צוים. וואָרום אז עס ועט מיר צופיעל דערעסעז, וואָרף איך עס אין גאנצען. דאן גיב איך אויף דאָס גאנצע געשעפט, ועט איהר שוין וויסען וויא איהר וועט אויסזעהן, דאן ועט איהר זעהן וואו איהר וועט קריעגען ארבייט. ביי אייער בעקער אפשר, הא ?

ערשטע וועבעריז. (האָט זיך אונטערגעריקט צו דרייסיגער, פוצט דעמוטהיג דעם שטויב פון זיין ראָק) זיי האָבען זיך אביסעל איינגעשמירט, גנעדיגער העדר דרייסיגער.

דרייסיגער. דיא געשעפטען זיינען הינטישע, דאָס ווייסט איהר אליין. איך דערלייג געלד, אנשטאָט צו פערדיענען. און ווען איך זאָרג פון דעסטוועגען פאר מיינע וועבער, זיי זאָלען האָבען ארבייט, רעכען איך, דארפען זיי מכיר טוב זיין. טויזענדע שטיקער סחורה ליעגען דאָ, און איך ווייס נאָך היינט ניט צו וועל איך זיי ווען עס איז פערקויפען. — נו, האָב איך געהערט, אז זעהר פיעל וועבער גייען ארום ליידיג און אזוי. . . . . נו, פייפער וועט עס אייך שוין ערקלערען — דיא זאכע איז נעמליך דיא: אום איהר זאָלט זעהן מיין גוטען ווילען. . . . . איך קען נאטירליך קיין נדבות ניט געבען. איך בין פאר דיזען ניט רייך גענוג, אָבער איך קען ביז א געוויסען גראד געבען א געלעגענהייט דעם ארבייטסלאָזען כאָטש עטוואס צו פערדיענען. איך ריזיקיר אפילו דאביי זעהר פיעל, אָבער דאָס איז שוין מיין זאך. — איך האָב מיר אזא חשבון: ווען א מענש קען זיך יערען טאָג כאָטש א קליינינקייט פערדיענען, איז עס דאָך בעסער איידער ער זאָל אין גאנצען פערהונגערען. האָב איך ניט רעכט ?

פיעלעש ימ מען. יא, יא, העדר דרייסיגער.

דרייסיגער. איך בין אלזאָ בערייט צו געבען ארבייט פאר נאָך צוויי הונדערט וועבער. אונטער וואסערע בעדינגונג וועט אייך שוין פייפער ערקלערען (ער וויל גיין.)

ערשטע וועבעריז. (פערטרעט איהם דעם וועג, רעדט האסטיג און רחמנות'דיג) גנעדיגער העדר דרייסיגער, איך וואָלט זיי גערן פריינדליך געבעטען, ווען זיי זאָלען פיעלייכט. . . דאָס בלוט האָט זיך ביי מיינעם צוויי מאָל געלאָזען פון האלדז.



דרייסיגער. (איילינג) רעדט מיט פייפער'ן, ליעבע פרוי: איך בין שוין אזוי אויך צו שפעט. (ער לאָזט זיא שטעהן.)

וועבער ריימאַן. פערטרעט איהם דעם וועג, בעט מיט קרענקונג און אנקלאגע) העדר דרייסיגער, איך מוז זיך ווירקליך בעקלאָגען. העדר פייפער האָט מיר. . . . . איך האָב דאָך אימער בעקוממען פיר מיין געוועב איין......

דרייסיגער. (פאלט איהם אריין אין דיא רייד) דאָרט זיצט דער עקספעדיטאָר; דאָרט אהין ווענדעט זיך; דאָרט איז דיא ריכטיגע אדרעססע.

וועבער הייבער. (האלט אויף דרייסיגער) גנעדיגער העדר דרייסיגער, (שטאָמעלט און א ביסעל צומישט) איך וואָלט זיי פיעל מאָל געוואָלט גיטינגסט בעטען, אויב זיי וואָלטען קענען... אויב העדר פייפער וואָלט קענען.... אויב ער וואָלט קענען....

דרייסיגער. וואס ווילט איהר דען ?

וועבער הייבער. דעם פאראויס פון לעצטען מאָל, איך מיין ווען, איך.....

דרייסיגער. איך פערשטיי אייך ווירקליך ניט.

וועבער הייבער. איך בין געוועזען אין א גרויסע נויט, וויל.....

דרייסיגער. צו פייפערן. איך קען ווירקליך נים, מאכט דאָס צירעכט מיט פייפערן. (כאַפט זיך אריין אין זיין קאָנטאָר, דיא בעטענדיגע קוקען זיך הילפלאָזאָ, איינער נאָך דעם אנדערען רוקט זיך ארויס מיט א זיפץ.)

פייפער. (נעהמט זיך ווידער צו דער ארבייט) נו, פעטער, וואס ברענגט איהר ?

דער אלטער באומערט. וואס זאָל מען דען יעצט קריעגען פאר א געוועב ?

פייפער. פאר א געוועב צעהן זילבער גראָשען.

דער אלטער באומערט. נו, דאָס איז שוין פיין.

(בעוועגונג צווישען דיא ארבייטער, א שושקעריי און א מורמור...)

ענדע פון'ם ערשטען אקט.

## פערזאָנען אין צווייטען אַקט:

דער אלטער באָומערט.
מוטער באומערט, זיין פרוי
אוגוסט, זייער זוהן
עממאַ, } זייערע טעכטער
בערטהאַ, }
פריטץ, אונגעזעצליך קינד ביי עממאַ.
דער אַלטער אנזארגע, בעל הבית פון הויז און וועבער
פרוי היינריך.
מאַריטץ יעגער, אויסגעדיענטער סאָלדאַט, אַמאָליגער וועבערגעזעלען.

## צווייטער אַקט.

דאָס שטיבעל פון ווילהעלם אַנזארגע אין קאשבאך, אין אַ'ן ענגען צימער וועלכעס האָט ניט קיין גאנצע זעכס פוס פון דיא צובראָכענע פאָד־לאָגע ביז דעם פעררויכענטען באַלקען, זיצען צוויי יונגע מיידלאך, עממאַ און בערטהאַ באומערט ביי וועב־שטוהלען — מוטער באומערט, אן איינ־געהויקערטע אלטעטשקע, אויף א בענקעל לעבען בעט, האַלט פאר זיך א שפול רעדעל, — איהר זוהן אוגוסט, צוואנציג יעהריג, אידיאָטיש, מיט אַ קליינעם קערפער און א קליינעם קאָפּ, מיט לאַנגע הענד און פיס, ווי־קעלט אויך. דורך צוויי קליינע פענסטער לעכער, אין דער לינקער וואנד, וועלכע זיינען פערשטופּט מיט שטרוי, און פערקלעפּט מיט פאַפּיער שיינט אריין אַ שוואך, ראָזאָווע פארביגעס אָבענד ליכט. דאָס ליכט פאלט אויף דיא וויים־בלאָנדע צופּאדעלטע האָר פון דיא מיידלעך, אויף זייערע מאָ־גערע נאַקעטע אַכסלען און דינע וועכסענע העלדזער, אויף דיא קנייטשען פון דיא גראָבע העמדער און אויפ'ן קורצע ראָק, וועלכעס איז זייער איינ־ציגע בעקליידונג. דאָס ליכט פאלט איבער'ן גאַנצען געזיכט, האַלדז און



ברוסט פון דער אַלטער פרוי. איהר געזיכט איז אָבגעמאָגערט צום סקעלעט, מיט קנייטשען און פאַלדען, און איין בלוטלאָזעס געזיכט, מיט איינגע־זונקענע אויגען, וועלכע זיינען פון שטויב, רויך און אַרבייט ביים ליכט, רויט פון ענטצינדונג און וואַסערדיג. איין אויסגעצויגענעם האַלדז, פול מיט קנייטשען און פאַלדען, איין איינגעפאַלענע ברוסט אָנגעשטאָפּט מיט אָבגעשליסענע שמאַטעס — איין טהייל פון דיא רעכטע וואַנד, מיט אַ'ן אויוועז, אַ באַנק, אַ בעט און עטליכע אָבגעבלאַקירטע הייליגע בילדער ווערען בעלויכטען. אויף דעם אויוועז הענגען עטליכע שמאַטעס צום טריקענען. אונטער דעם אויוועז ליעגט אַ באַרג מיט פערשיעדענע שמאַטעס. אויף דער באַנק, נעבען אויוועז, שטייען עטליכע אַלטע טעפּ און אַנדערע קאָך געשיר, און שאָלעכץ פון קאַרטאָפעל ליעגען אויסגעליעגט אויף פאַפּיער צום טריקענען. פון דעם באַלקען הענגען אַראָפּ מאָטקעס בוימוואָל, קאָשי־קעס מיט שפולען שטייען נעבען דיא וועב שטוהלען. אין דער הינטער־וואַנד איז איין נידעריגע טיהר אָהן אַ שלאָס. איין בינטעל ווערבע־צווייגען ליעגט אָנגעלעגט אָן דער וואַנד. אייניגע צעבראָכענע, געפלאָכ־טענע קאָשיקעס שטייען דאנעבען. דאָס קלאַפּעריי פון דיא וועב שטוהלען, דאָס צום טאַקט־קלאַפּען פון דיא ראַמען פון וועלכע דיא וועגד און דיא ערד טרייסלען זיך, דאָס גערויש און שאָראָך פון דיא וועב־שיפלעך פילען אָן דאָס צימער. צו דיזען מישט זיך נאָך צו דאָס גלייכמעסיגע, איינטעניגע שומען פון דיא רעדלעך.

---

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (מיט איין קלעגליכען, ערשעפּענ־דען טאָן, ווען דיא מיידלעך שטעלען זיך אָב און בייגען זיך אַריבער דעם געוועב.) איהר מוזט שוין ווידער קניפּען.

ע מ מ אַ. (דיא עלטערע מיידעל, צוויי און צוואַנציג יאָהר, צוקניפּענדיג אַ צוריסענעם פאָדעם.) דאָס איז עס אביסעל אַ פאָדעם!

ב ע ר ט ה אַ. (פופצעהן יאָהר) דאָס איז ניט מעהר וויא אָבפאַל.

ע מ מ אַ. וואו איז ער עס אזוי לאַנג? ער איז דאָך שוין אוועק זייט ניין אוהר.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. נו טאקע, טאקע, וואו קען ער ערגעץ זיין, קינדער?

ב ע ר ט ה א. שרעק זיך נור ניט, מאמע.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. ס'איז דאָך וואָס איבערצוקלערן.

ע מ מ א. (הייבט ווייטער אָן צו וועבען).

ב ע ר ט ה א. וואַרט נור עממאַ!

ע מ מ א. וואָס איז דען?

ב ע ר ט ה א. מיר דאַכט זיך יעמאַנד איז געקומען.

ע מ מ א. ס'איז א ודאי אַגזאַרגע געקומען א היים.

פ ר י ט ץ. (א קליינער באָרוועסער אינגעל פון א יאָהר 4 אַנ־געטהאָן אין שמאַטעס, קומט אַריין מיט א געוויין.) מאַמע, מיך הונגערט.

ע מ מ א. וואַרט פריטצעל, וואַרט אביסעל; דער זיידע וועט באַלד קומען. ער וועט ברענגען ברויט מיט גרויפען.

פ ר י ט ץ. מיך הונגערט אַזוי, מאַמעלע!

ע מ מ א. איך זאָג דאָך דיר. זיי ניט קיין נאַר. ער קומט באַלד און וועט ברייננגען א שעהן ברויט מיט גרויפען. און אַז פייער־אבענד וועט 'קומען, וועט מאַמע נעמען דיא שאַלעכץ און אוועק־טראָגען צום פויער, און וועט ברייננגען פאַר'ן קינד א שעהן קרינגעל מאַסליאַנקע.

פ ר י ט ץ. וואו איז דען דער זיידע געגאַנגען?

ע מ מ א. צום פאַבריקאַנט איז ער געגאַנגען, אָבטראָגען אַרבייט.

פ ר י ט ץ. ביים פאַבריקאַנט?

ע מ מ א. יא, יא, מיין קינד! צו דרייסיגער אין פעטערס־וואַלד.

פ ר י ט ץ. און דאָרט קריגט ער ברויט?

ע מ מ א. יא, דאָרט בעקומט ער געלד, קען ער קויפען ברויט.

פ ר י ט ץ. בעקומען זיידעס פיעל געלד?

ע מ מ א. אָך קינד, הער דאָך אויף צו פלאַפלען. (זיא וועבט ווייטער, בערטהאַ אויך. באַלד הערען ביידע ווידער אויף.)

ב ע ר ט ה א. נעה אוגוסט, פרעג אַנזאַרגע, צו וויל ער ניט מאַכען ליכטיג.

א ו ג ו ס ט. (געהט אַוועק מיט פריטצען.)

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (מיט א שטייגענדיגע, קינדישע



מורא, כמעט וויינענדיג.) קינדער, קינדער, וואו איז דער אַלטער אַזוי לאַנג?

ב ע ר ט ה א. ער האָט' אפשר אָבגעטראָטען צו האופען.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (וויינט) ער זאָל נור ניט האָבען אָבגעטרעטען אין א קרעטשמע.

ע מ מ א. וויין דאָך ניט מאַמע, אונזער טאַטע איז דאָך ניט אַזא מענש.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (אויסער זיך פון פיעל איבערטראַכ־טען און שרעקען) נו... נו.... נו, זאָגט דאָך וואָס זאָל דאָס בעדיי־טען? ווען ער זאָל קומען... ווען ער זאָל דאָס געלד פערשיכור'ען און גאָר ניט אַהיים ברייננגען? אין שטוב איז דאָך אביסעל זאַלץ ניטאָ, קיין שטיקעל ברויט, קיין שטיקעל האָלץ אויף פייער...

ב ע ר ט ה א. בערוהיג זיך מאַמע! דיא לבנה שיינט, וועל איך מיט אוגוסט'ן געהן אין וועלדעל און ברייננגען אביסעל ריטער.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. יא, דער יעגער זאָל אייך כאַפּען.

א נ ז אָ ר ג ע. (איין אַלטער וועבער, דיא האָר פון קאָפּ און פון דער באָרד ווילד פערוואַכסען, מיט ריזיגע לאַנגע פיס. מוז זיך איינבויגען אום אַריינצוקומען אין צימער. שטעקט אַריין דעם קאָפּ דורך דיא טהיר.) וואָס ווילט איהר?

ב ע ר ט ה א. איהר וואָלט אָנצינדען א ליכט.

א נ ז אָ ר ג ע. (מיט א פערשטיקטען קול, וויא ביי א קראַנקען) ס'איז דאָך נאָך ליכטיג.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. דו לאָז אונז נאָך זיצען אין דיא פינסטער אויך.

א נ ז אָ ר ג ע. איך מוז זיך דאָך איינריכטען. (ער געהט אַרויס.)

ב ע ר ט ה א. נו, זעהסט ס'אַרע סקראַגע דאָס איז.

ע מ מ א. יעצט מוזען מיר זיצען וויא לאַנג איהם וועט זיך פאַרוועלען.

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. (קומט אַריין. איין דרייסיג יעהריגע פרוי, מעוברת. אין איהר מידען געזיכט זעהט זיך מאַטערנדיגע זאָרג און שרעקענדיגע אָנשטרענגונג.) גוטען אבענד אייך אַלעמען.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. נו, היינריכאָווע, וואָס ברייננט איהר נוטס?

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. (הינקט) איך האָב זיך אריינגענומען א שטיק גלאָז אין פוס אריין.

ב ע ר ט ה א. נו, קומט אהער, זעטצט זיך, איך וועל עס זעהן ארויסצוקריגען. (פרוי היינריך זעצט זיך, בערטהאַ קניעט אַנידער פאר איהר און נעמט זיך גראָבלען דיא פאַדעשווע פון איהר פוס.)

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. וויא געהט'ס עפּעס אין דר'היים, היינריכאָווא?

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. (מיט פערצווייפלונג.) ס'געהט שוין באלד גאָר ניט. (זיא סטאַרעט זיך אומזאָנסט איינצוהאַלטען דעם שטראָם טרערען. וויינט שטילערהיים.)

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. פאר אונז, היינריכאָווע, וואָלט געווען אם בעסטען, ווען גאָט זאָל זיך דערבארמען און אונז גאָר צונעמען פון דער וועלט.

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. (קען זיך מעהר ניט איינהאַלטען. פּלאַצט ארויס מיט א געוויין) מיינע אָרימע קינדער פערהונגערן מיר. (זיא כליפּעט און שלוקערצט) איך וויים מיר שוין מעהר קיין עצה ניט צו געבען. כאָטש טהו זיך א מעשה אָן. איך בין שוין מעהר טויט וויא לעבעדיג, און קיין הילף קען פון ערגעץ ניט קומען. און דאָ האָב איך ניין הונגעריגע מיילער צו פערשטאָפּען. פון וואַנען זאָל זיך דאָס נעמען? נעכטען ביי נאכט האָב איך געהאַט א שטיקעל ברויט. ס'איז ניט געווען גענוג אפילו פאר דיא צוויי קלענסטע. וועמען זאָל איך עס פריהער געבען, האַ? אלע שרייען זיי: מאַמע מיר, מאַמעלע מיר... און דאביי קען איך נאָך ארומלויפען. וואָס וועט נאָך יעצט זיין, ווען איך זאָל זיך מוזען אוועקליינען? דאָס ביסעל קארטאָפעל איז קאַליע געוואָרען פון וואסער. מיר האָבען ניט א ביסען אין מויל אריינצולייגען.

ב ע ר ט ה א. (האָט דערווייל ארויסגענומען דאָס שטיקעל גלאָז און אָבגעוואַשען דיא וואונד.) מיר וועלען ארומבינדען א שמאַטקע. (צו עממא) זוך מיר אויס א טיכעל.



מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. ס'געהט אונז אויך ניט בעסער, היינריכאָווע.

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. דו האָסט נאָך כאָטש דיא מיידלעך. דו האָסט א מאַן וואָס קען ארבייטען, אָבער מיינער איז דאָך מיר יענע וואָך ווידער אוועקגעפאַלען, ס'האָט איהם אזוי געריסען און געוואָרפען, אז איך האָב גאָר ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן פאר שרעק. און ווען ער האָט אזא אָנפאַל, קען ער זיך אכט טאָג ניט ריהרען פון בעט.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. מיינער איז אויך ניט מעהר ווערטה. ער פאַלט מיר אין גאַנצען איין. ער בעקלאָגט זיך אויף דיא ברוסט און אויפ'ן קרייץ. און ביי אונז איז אויך שוין ניט געבליבען קיין פעניג. ווען ער זאָל היינט ניט מיט ברייננען א פּאָר גראָשען, וויים איך אסור וואָס מיר וועלען טאָן.

ע מ מ א. מעגסט'ס גלויבען, היינריכאָווע. מיר זיינען שוין געקומען אזוי ווייט... דער טאַטע האָט היינט געמוזט מיטנעהמען דאָס הינטעל. מיר האָבען עס געמוזט קוילענען, אבי מען זאָל האָבען עטוואָס אין מויל אריינצולייגען.

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. האָט איהר אפשר איבריג א גאָרשטיל מעהל?

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. א קאָפּ אויך ניט. ביי אונז איז אפילו א קערנדעל זאַלץ אין שטוב ניטאָ.

פ ר ו י ה י י נ ר י ך. נו, וויים איך שוין ניט! (הייבט זיך אויף, בלייבט שטעהן, פערטראַכט זיך.) דאָ וויים איך שוין ווירקליך ניט! דאָ קען איך מיר שוין גאָר ניט העלפען! (שרייט מיט פער־צווייפלונג.) איך וואָלט דאָך געווען צופריעדען צו האָבען וואָס מען ווארפט פאר חזרים! איך טאָר ניט אהיים קומען מיט ליידיגע הענד. דאָס קען איך ניט, זאָל'ס מיר גאָט ניט רעכענען. איך וויים מיר קיין אַנדערע עצה ניט צו געבען. (זיא הינקט שנעל ארויס.)

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (שרייט איהר נאָך, וואָרנענדיג.) היינריכאָווע, בעגעה נור ניט קיין נארישקייט.

ב ע ר ט ה א. זיא וועט זיך קיין לייד ניט טאָן, גלויב'ס ניט.

ע מ מ אַ. זיא מאַכט'ס אימער אַזוי, (זיא וועבט וויטער עטליכע מינוטען).

אוּ ג וּ ס ט. (לייכט צו מיט אַ חלב'ן ליכט זיין פאַטער, דעם אַלטען באומערט, וועלכער שלעפט זיך אריין מיט אַ פּאַק גאַרן).

מ וּ ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. געלויבט איז גאָט! וואו ביזט'ס געוועזן אַזוי לאַנג?

ד ע ר אַ ל ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. בייזער זיך נור ניט, לאָמיך כאָטש אביסעל אַברעכען. זעה ליעבער ווער ס'איז מיטגעקומען.

מ אַ ר י ץ י ע ג ע ר. (קומט אריין איינגעבויקט דורכ'ן טהיר. איין שטראַמער, מיטעל גרויסער רעזערוויסט מיט רויטע באַקען, דאָס הוזאַרען היטעל טראגט ער אָן א זייט. געהט אין גאַנצע קליידער און שיך, מיט אַ ריין העמד אָהן אַ קאָלנער. אַריינקומענדיג, גיט ער זיך אַ שטעל און פערניינגט זיך אויפ'ן סאָלדאַטסקען אופן. אין אַ שטאַרקען טאָן) גוטען אבענד, מוהמע באומערט!

מ וּ ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. זעה, זעה, ביסטו ווידער אין דר'היים? האָסט אונז נאָך ניט פערגעסען? נעהם זעצ זיך, קום אהער און זעצ זיך.

ע מ מ אַ. (רוקט יעגער'ן אונטער אַ הילצערנעם בענקעל, וועלכעס זיא ווישט אָב מיט איהר קליידעל.) גוט'ן אָבענד מאַריטץ! ווילסט ווידער זעהן וויא ס'זעהט אויס ביי קבצנים?

י ע ג ע ר. זאָג מיר נור עממא, איך האָב עס דאָך גאָר ניט געוואָלט גלויבען. דו האָסט דאָך שוין אַ אינגעל, וועלכער וועט באַלד קענען געהן דיענען. וואו האָסטו דיר איהם פערשאַפט?

ב ע ר ט ה אַ. (וועלכע האָט ביים פאַטער צוגענומען דאָס ביסעל עסענוואַרג וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, ליגט אַריין אין אַ פאַן און רוקט עס אריין אין אויוועז אין דער צייט ווען אוגוסט מאַכט פייער) דו קענסט דאָך פיננער, דעם וועבער?

מ וּ ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. מיר האָבען איהם דאָך דאַ געהאַט אין שטוב. ער האָט זיא געוואָלט נעמען. מיט איהם האָט עס אָבער געהאַלטען שמאָל. ער האָט געליטען אויף דער ברוסט. איך האָב איהר גענוג געוואָרענט. וועט זיא דען פאָלגען? נו, איז ער שוין



לאַנג טויט און פערגעסען, און זיא קען יעצט זעהן, וואָס הייסט אויפברייננען אַ קינד. וויא איז עס דערגאַנגען, מאָריטץ?

ד ע ר אַ ל ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. רייד שוין גאָר ניט, מוטער. ער איז געבוירען אין אַ הייבעל; ער לאַכט אונז אַלעמען אויס; ער האָט געבראַכט מלבושים וויא אַ שררה, מיט אַ זילבערנעם ציליגדער זייגער און צעהן טאָלער מזומן געלד.

י ע ג ע ר. (בעל גאוה'דיג און מיט אַ בעריהמערישען שמייכעל אין פנים) איך קען מיך ניט בעקלאָגען. מיר איז ניט געווען שלעכט ביים מיליטער.

ד ע ר אַ ל ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. ער איז געווען אַ דענשטשיק ביים ראָטנע קאָמאַנדיר. הער וויא ער רעדט, פונקט וויא ביי דיא פריצים.

י ע ג ע ר. צו דעם פיינעם ריידען האָב איך זיך שוין אַזוי צוגעוואָהנט, אַז איך קען זיך גאָר ניט אָבגעוואָהנען דאַפון.

מ וּ ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. זאָלסט מיר געזונד זיין, זאָג מיר, וויא קומט עס צו דיר, אַזאַ שלימעזאַלניק וויא דו ביסט געווען? און האָסט זיך דערשלאָגען צו געלד! האָסט דאָך צו קיין זאַך ניט געטויגט, האָסט דאָך אפילו דאָס רעדעל ניט געוואָלט דרייען. דאָס ארומלויפען און אויפשטעלען קליעטקעס פאַר מייז און פייגעל איז דאָך דיר ליעבער געווען, איז דאָס ניט אמת?

י ע ג ע ר. ס'איז אמת, מומע באומערט, איך האָב געכאַפּט שוואַלבען אויך.

ע מ מ אַ. אומזאָנסט פלעגען מיר שרייען: שוואַלבען האָבען אין זיך אַ גיפט.

י ע ג ע ר. דאָס האָט מיך ניט געאַרט. וויא איז עס אייך דערגאַנגען, מומע באומערט?

מ וּ ט ע ר ב אַ וּ מ ע ר ט. אַ גאָט, גאָר, גאָר שלעכט אין דיא לעצטע 4 יאָהר. זעה דאָך, אַלע גליעדער ברעכען מיר. קוק אויף מיינע פינגער. איך ווייס גאָר ניט צי זיי זיינען געלעהמט, צי וואָס? איך בין אַזוי אומגליקליך! איך קען מיט קיין גליעד ניט ריהרען. קיין מענש קען ניט גלויבען וואָסערע יסורים איך האָב אויסצושטעהן.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. מיט איהר שטעהט עס זעהר שמאָל. זיא וועט זיך שוין לאַנג ניט שלעפּען.

ב ע ר ט ה אַ. אין דער פריה מוז מען זיא אָנטאָן, ביי נאַכט מוז מען איהר אויסטאָן. מיר מוזען איהר קאָרמען וויא אַ קליין קינד.

מ ו ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. (אימטער מיט אַ קלעגליכע, וויינענדיגע שטימע) איך מוז זיך לאָזען בעדיענען פון הינטען און פון פאָרענט. איך בין מעהר וויא קראַנק. איך בין אַ לאַסט. וואָס האָב איך שוין ניט גאָט געבעטען ער זאָל מיך צונעהמען. אַ גאָט, אַ גאָט, מיט מיר האַלט עס צו שלעכט. איך ווייס גאָר ניט... לייט קענען מיינען... זאָבער איך בין דאָך פון קינדהייט אויף געוואָהנט צו אַרבייטען. איך האָב דאָך אימטער מיין אַרבייט געטהאָן, און דאָ אויף איין מאָל (זיא פּרובירט אומזאָנסט זיך אויפצוהייבען) ס'געהט ניט. — איך האָב אַ גוטען מאַן, און גוטע קינדער האָב איך, אָבער איך זאָל דאָס אַלעס דאַרפען אָנצוקוקען...! וויא זעהן מיר דיא מיידלעך אויס!? זיי האָבען דאָך קיין טראָפּען בלוט ניט אין זיך, זיי זיינען דאָך בלאַס וויא אַ ליינוואַנד. ס'גאַנצע לעבען נור ביי דיא אַרבייט. און ס'ערע לעבען האָבען זיי! ס'גאַנצע יאָהר קומען זיי ניט אַראָפּ פון בענקעל. זיי האָבען זיך אפילו ניט דעראַרבייט צו אַ פּאָר שמאַטעס צו פערדעקען דעם גוף, זיך צו קענען ווייזען צווישען מענשען, אָדער אַ מאָל צו געהן אין קירכע אריין און זיך מיט עפּעס דערקוויקען. וויא זעהן זיי מיר אויס, יונגע מיידלאַך פון פופצעהן און צוואַנציג יאָהר.

ב ע ר ט ה אַ. (ביים אויוועז) דאָ געהט עס אַביסעל אַ רויך.

ד ע ר  אַלט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. נו, זעה, וואָסער רויך. דאָס קען מען אפילו ניט פאַרריכטען. ער וועט באַלד אין גאַנצען איינפאַלען, דער אויוועז. מיר קענען דאָס ניט העלפען. און דיא סאַזשע מוזען מיר שלינגען. מיר הוסטען אַלע, איינער וויא דער אַנדערער, וואָס מאַכט עס אויס, אַז מיר הוסטען, און ווען מיר זאָלען אפילו דערשטיקט ווערען, ווערט עס אסור ווער׳מען אַרען.

י ע ג ע ר. דאָס דאַרף דאָך אַנזאָרגע פאַרריכטען.

ב ע ר ט ה אַ. דער זעהט אונז דאָ זעהר גערן. ער קרימט זיך אזוי אויך גענוג.



מ ו ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. מיר פערנעהמען אזוי אויך ביי איהם צו פיעל פּלאַטץ.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. און ווען מיר ווען נאָך עטוואָס ריידען, וועלען מיר באַלד אַרויספליהען אויפ'ן גאַס. שוין באַלד אַ האַלב יאָהר האָט ער פון אונז קיין דירה געלד אין דיא אויגען ניט געזעהן.

מ ו ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. אזאַ שלעכטער מענש, ער זאָל דאָס לאָזען צו זיך כאָטש ריידען.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. ער האָט אויך ניט, אַלטע. ס'געהט איהם גענוג שלעכט. ער רעדט נור ווייניג פון זיין נויטה.

מ ו ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. ער האָט דאָך אַ הויז.

ד ע ר  אַ לט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. געה שוין, געה, וואָס דו רעדסט. פון דעם גאַנצען הויז איז אפילו אַ שפּענדעל ניט זיין.

י ע ג ע ר. (האָט זיך געזעצט און האָט אַרויסגענומען אַ קליינע לולקע מיט שיינע קוטאַסלעך פון איין קעשענע און אַ קוואַרטענע פלאַש בראַנפען פון דער אַנדערער) דאָס קען דאָך אזוי ווייטער ניט געהן. איך האָב זיך גענוג אָנגעזעהן וואָס דאָ טהוט זיך ביי אייך. אין שטאָדט לעבען דאָך דיא הינט בעסער וויא איהר דאָ.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. (אייפריג) געלד, אַך געלד! דו ווייסט עס אויך? און אַז מען זאָגט אַ וואָרט, הייסט עס: ס'איז שלעכטע צייטען.

אַ נ ז אַ ר ג ע. (קומט אריין. אין איין האַנד האַלט ער א ליימענעם טעפּעל מיט זופּ. אין דער אַנדערער — א האַלב פערטיג געפלאָכטענעם קאָשיק.) וואָס מאַכסטו, מאַריטץ? ביסט ווידער דאָ?

י ע ג ע ר. אַ דאַנק אייך, פעטער אַנזאָרגע.

אַ נ ז אָ ר ג ע. (שטעלט אריין דאָס טעפּעל אין אויוועז.) נו, דערצעהל מיר דאָך אויך עפּעס: זעהסט דאָך גאָר אויס וויא אַ גראַף.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ב אַ ו מ ע ר ט. צייג איהם דיין שעהן זייגעריל. ער האָט מיטגעבראַכט אַ נייעם אַנצוג און צעהן טאַלער געלד.

א נ ז אָ ר ג ע. (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.) נו, יא, יא ! — נע, נע, נעע ! —

ע מ מ א. (לייגט דיא קאַרטאָפעל־שאָלעכץ אין אַ זאַק אַריין) איך וויל נור אַרויסלויפען מיט דיא שאָלעכץ, אפשר וועל איך קריי־גען אביסעל מילך. (זיא געהט אַוועק.)

י ע נ ע ר. (וועהרענד אַלע קוקען אויף איהם מיט בעוואונדע־רונג און אַכטונג) בערעכענט זיך נור, וויא איהר פלעגט עס מיך אַלע מאָל אַרומיאָגען. מאַריטץ, פלעגט איהר זאָגען, מען וועט דיך לערנען! דרך ארץ ביי דיא סאָלדאַטען. יעצט קענט איהר זעהן וויא גוט מיר איז געווען. דאָס ערשטע האַלב יאָהר, אמת, איז מיר ניט אזוי גוט געגאַנגען. מען מוז פאָלגען, דאָס איז דיא הויפּט זאַך. דעם וואכ־מייסטער האָב איך געפוצט דיא שטיוועל, איך האָב איהם דאָס פערד געריינינגט, ביער געטראָגען, איך בין געווען געהאָרכזאם וויא אַ הונד. און אויפ'ן פלאַטץ בין איך אימער געווען. דיא הארמאַטען מוזען אימער בלישצען. איך בין געווען דער ערשטער איז זאָטעל, און ווען ס'איז געקומען צו אַן אַטאַקע — מארש, מארש ! הייליגעס קאַנאָ־נען־ד'עהר, קרייצדאָנערשלאַק, הערד דו מיין גאָט ! און אויפגעפאסט האָב איך וויא אַ שפּיר הונד. איך האָב מיר געדענקט: דאָ העלפט קיין חכמות, דאָ מוז מען טאָן, דאָ האָב איך צוזאַמענגענומען דעם קאָפּ, און דאָ איז עס געגאַנגען וויא געשמירט. און דאָ איז עס גע־קומען אזוי ווייט, אַז דער ראַטנע קאָמאַנדיר האָט געזאָגט פאַר דעם גאַנצען סקאַדראָן: אָט דאָס איז אַ הוזאַר וויא עס דאַרף צו זיין. (שטיל. ער פערדרייכערט דיא ליולקע.)

א נ ז אָ ר ג ע. (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.) דאָס האָסטו געהאַט אזא גליק! נו, יא, יא, — נו, נע, נעע ! (ער זעצט זיך אויף דר'ערד, לייגט ווערבע צווייגען נעבען זיך און פלעכט דעם קאָשיק צווישען די פיס)

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. לאָמיר האָפען, אַז דו וועסט אונז מיטברייינגען דיין גליק. — זאָלען מיר מיט טרינקען ?

י ע נ ע ר. גאַנץ געוויס, פעטער באומערט. און ווען דער בראַנפען וועט אויסגעהן, וועט זיין אַנדערער. (ער וואַרפט אַ מטבעת אויף דעם טיש.)

אַ נ ז אָ ר ג ע. (מיט אַ נאַרישע ענטוישונג) אָה וואָה, אָה וואָה,



דאָ טהוט זיך עס אביסעל... דאָ טרעשצעט אַ געבראָטענס, דאָ שטעהט אַ קוואָרט בראַנפען. (ער טרינקט פון דער פלאַש) לחיים מאַריטץ ! — נו יא יא, נו, נע, נעע. (יעצט געהט דיא פלאַש אַרום פון איינעם צום אַנדערען.)

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. וואָלטען מיר כאָטש גע־קענט האָבען אזא שטיקעל געבראַטענס אויף אַ יום טוב ! ס'געהן אוועק יאָהרען איידער מיר קריגען צו זעהן אַ שטיקעל פלייש. מיר וועלען ווידער מוזען וואַרטען ביז ס'וועט זיך ווידער עפּעס פאַר־שלעפען אַ הונט וויא פאַר פיער וואָכען. אזעלכע נסים טרעפען זיך אָבער נים אָפט אין לעבען.

א נ ז אָ ר ג ע. האָסט געלאָזען קוילענען דאָס הינטעל ?

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. ווען מיר זאָלען וועלען פערהונגערן, וואָלטען...

א נ ז אָ ר ג ע. נו יא , יא ! — נו, נעע, נעע !

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. און ס'איז געווען אזא זגראבנע, שעהן הינטעלע.

י ע נ ע ר. זייט איהר נאָך אַלץ אזוי לאַקאָמע אויף הינטעשע פלייש ?

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. אָה, רבונו של עולם, מיר זאָלען נור אזוי פיעל האָבען.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ב ע ר ט. נו, יא, אזא שטיקעל פלייש גיט צו כּח.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. וואָס, דיר שמעקט שוין ניט מעהר זאָ וואָס ? בלייב מיט אונז, מאריץ, ס'וועט דיר שוין פערשמעקען.

א נ ז אָ ר ג ע. (קוויקט זיך). נו, יא, יא, — נו, נעע, נעע, דאָס איז דאָך אַ מאכל — ס'איז דאָך אַ מחיה'דיג מאכל.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (קוויקט זיך) ס'איז אַ ריינער צימעס, קען מען זאָגען.

א נ ז אָ ר ג ע. זאָג אונז דיין מיינונג, מאַריץ. דו ווייסט דאָך עפּעס וואָס ס'טוהט זיך אויף דער וועלט. צו וועט מיט אונז וועבער אַ מאָל אנדערש ווערען, צו וויא ?

י ע נ ע ר. מען מוז האָפען.

א נ ז אָ ר ג ע. מיר קענען דאָ ניט לעבען און ניט שטאַרבען. אונז נעהט אימער ערגער. א מענש ווערט זיך דאָ ביז אויפ'ס לעצטע אָבער צום סוף מוז מען זיך אונטערגעבען. דיא נויט פרעסט אויף דעם דאַך פון איבער'ן קאָפּ און דעם גרונד פון אונטער דיא פּים. פריהער, ווען מען האָט נאָך געקענט ארבייטען ביים וועבשטוהל, האָט מען זיך נאָך וויא ס'איז מיט צרות און מיט לייד געקענט דורכשלאָגען. היינט קען איך שוין זייט א יאָהר קיין שטאָך ארבייט ניט בעקומען. דאָס קאָרב־פלעכטעריי דערהאַלט מיך קוים ביים לעבען. ווען איך פלעכט ביז אין דער זינקענדיגער נאַכט, האָב איך פערדיענט א גראָשען און זעכס פעניג. דו ביסט דאָך א געבילדעטער מענש, נו, זאָג אליין, וויא קען מען מיט דעם אויסקומען ביי אזא יקרות? דריי טאָלער מוז איך אנידערלייגען פאר דיא פּאַראטקעס פון הויז, איין טאלער פאר דעם גרונד, דריי טאלער צינזען. אין גאנצען פערדיען איך פיערצעהן טאָלער, בלייבט מיר זיעבען טאָלער פאר א גאנץ יאָהר. און פון דיזע זיעבען טאָלער, זאָל מען זיך בעקאָכען, בעהייצען, בעקליידען, בעשוכען, בעשטריקען און בעפליקען; א קווארטיר מוז מען אויך האָבען און וואָס אלץ ניט. — אין עפּעס א וואונדער, אז מען קען ניט בעצאָהלען דיא צינזען?

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. ס'מוז א מאָל איינער געהן נאָך בערלין און מוז דעם קעניג פאַרשטעלען וויא אונז דערגעהט דאָ.

י ע נ ע ר. ס'וועט אייך ניט פיעל העלפען, פעטער באומערט. מע האָט שוין גענוג דאפון גערעדט אין דיא גאַזעטטען. אָבער דיא רייכע, זיי פערדרייען און פערפּלאָנטערען דיא זאַך אזוי ... זיי מאַכען פון א מלאך א גלח.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.) זיי זאָלען דאָס גאָר ניט פערשטיין אין בערלין?

א נ ז אָ ר ג ע. זאָג דו, איך בעט דיך, מאָריץ, קען דאָס אזוי מעגליך זיין? איז דאָס גאָר קיין דין און קיין משפט ניטאָ? ווען איינער האָרעוועט און שינדט דיא הויט פון דיא הענד, און קען דאָך ניט אויפבריינגען דיא צינזען; קען מיר דער פויער אוועקנעהמען מיין הייזעל? ס'איז דאָך א פויער. ער וויל זיין געלד האָבען. איך



ווייס גאָר ניט וואס פון דעם קען ווערען? — ווען איך זאָל מוזען ארויס פון דעם הייזעל. . . . (טרערען שטעלען זיך איהם אין דיא אויגען) אין דעם הייזעל בין איך געבוירען געוואָרען. דאָ איז מיין פאָטער געזעסען מעהר וויא פערציג יאָהר ביים וועב שטוהל. וויפיעל מאָל האָט ער געזאָגט צו דער מאַמע: „מאַמע, ווען איך וועל אמאָל קומען צו א'ן ענדע, דאָס שטיבעל האַלט פעסט. דאָס הייזעל האָב איך זיך שווער ערוואָרבען, יעדער נאָגעל איז א ניט דערשלאָפענע נאַכט, יעדער באַלקען, א יאָהר טרוקען ברויט. דאָס מוז מען דאָך בערעכנען. . . . . .

י ע נ ע ר. דיא לייטע נעמען אייך צו דאָס לעצטע. זיי ווינען ד'רויף געפּאוועלט.

א נ ז א ר ג ע. נו, יא יא! — נו, נעע, נעע, נעע! קומט עס אָבער אזוי ווייט, איז מיר ליעבער, זיי זאָלען מיך ארויסטראָגען, איידער איך זאָל מוזען ארויסגעהן אויף מיינע אלטע יאָהר. דאָס ביסעל שטאַרבען איז א קליינינקייט! מיין פאָטער איז אויך גערן געשטאָרבען.— גאנץ צום סוף האָט ער אביסעל מורא געקריגען, וויא איך בין אָבער אריין געקראָכען צו איהם אין בעט, איז ער ווידער שטיל געווארען. — ווען מען בערעכענט דאָס אזוי: דעמאָלט בין איך געוועזען א אינגעל פון דרייצען יאָהר. מיעד בין איך געווען, בין איך באַלד איינגעשלאָפען ביי'ם קראנקען מאַן — איך האָב דאָך בעסער ניט פערשטאַנען. און ווען איך האָב זיך אויפגעכאפּט, איז ער שוין געוועזען קאַלט.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (נאָך א פויזע) געה צום אויווען בערטהאַ, און גיב אנזאָרגע דיא זופּ.

ב ע ר ט ה א. נאַט, עסט, פעטער אנזאָרגע.

א נ ז א ר ג ע. (עסט מיט טרעהרען) נו, נעע, נעע — נו יאָ יאָ!

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (האָט אָנגעהויבען צו עססען דאָס פליישׁ פון דיא פאַן).

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. נו, אלטער, קענסט דאָך ווארטען נאָך אביסעל. לאָז דאָך בערטהען גרייטען צום טיש.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (קייט) פאר צוויי יאָהר בין איך דאָס לעצטע מאָל געווען אין קירכע. באַלד נאָכדעם האָב איך

פערקויפט מיין זאנטאגדיגען ראק, דערפון האבען מיר געקויפט א שטיק פלייש, און פון דעמאלט אן איז קיין פלייש ניט אריינגעקר־מען אין מיין מויל ביז היינט.

י ע נ ע ר. מיר ברויכען ניט עסען קיין פלייש. דיא פאברי־קאנטען עסען שוין פאר אונז. זיי באדען זיך אין פעטס. ווער עס גלויבט דאס ניט, דארף נור געהן קיין בילאווע אדער קיין פעטערס־וואלד. דארט קען מען זעהן וואונדער: איין שלאס נאכ'ן אנדערען, איין פאלאץ נאך'ן אנדערען, מיט פענסטער וויא שפיגעל, מיט טור־מען און אייזערנע שטאכעטען. נע, נע, דארט ווייס מען ניט פון קיי; שלעכטע צייטען. דארטען סטייעט אויף געבראטענס און געבאקענס, אויף עקיפאזשע און קוטשען, אויף גאווערנאנטקעס און ווער ווייס וואס נאך. זיי שטעכט דער האבער, זיי ווייסען גאר ניט וואס צו טאן פון רייכקייט און צולאזענקייט.

א נ ז א ר ג ע. אין מיינע צייטען איז דאס גאנץ אנדערש געווען. דעמאלט האבען דיא פאבריקאנטען נאך געלאזט לעבען. היינט ווילען זיי אלץ אליין פערנעהמען, דאס קומט פון דעם, זאג איך: דיא גרויסע לייטע גלויבען מעהר אין קיין גאט און אין קיין טייוועל. זיי ווייסען קיין געזעצע און קיין שטראפע, זיי בעגנב'ענען אונזער לעצט שטיקעל ברויט און אונטערגראבען דאס לעצטע ביסעל נאהרונג, וויא זיי קענען נור. פון דיזע לייטע קומט דאס גאנצע אומ־גליק. ווען אונזערע פאבריקאנטען זאלען זיין גוטע מענשען, וואלטען דיא צייטען גאר ניט געווען אזוי שלעכט.

י ע נ ע ר. הערט זיך איין, וועל איך אייך פארלעזען א שעהנע זאך. (ער שלעפט ארויס פון קעשענע עטליכע בלעטליך פאפיער.) קום אויגוסט, לויף אין קרעצמע אריין און ברייננ נאך א קווארט. וואס לאכסטו מיר עפעס כסדר!

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. איך ווייס גאר ניט וואס טהוט זיך מיט דעם יונג, איהם איז כסדר גוט. ער לאכט זיך כסדר אז א פולען בויך, מעג זיך טאן וואס ס'וויל. (אוגוסט געהט ארויס מיט דיא ליידיגע פלאש.)

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (קייענדיג, מוטהיג אויפ־געריגט פון דעם עסען און טרינקען.) מאריטץ, דו ביסט אונזער מאן.



דו קענסט לעזען און שרייבען. דו ווייסט וויא ס'זעהט אויס מיט דיא וועבער, דו האסט א הערץ פיר דיא ארימע וועבער, דו זאלסט זיך פאר אונז אננעמען.

י ע נ ע ר. אויב ס'זאל נור געהן אין דעם, וואלט מיר דארויף ניט אנקומען. איך בין נור צו גערן דיא פארשיווע פאבריקאנטען אב־צושפיעלען א חתונה. איך וואלט מיר דערפון קיין גרויסען צימעס ניט געמאכט. איך בין ניט קיין שלעכטער יונג, אבער ברענגט מען מיך דאצו, און ווער איך אמאל איין כעס, דאן נעהם איך דרייסיגער'ן אין איין האנד און דיטריכען אין דער צווייטער, און שלאג זיי דיא קעפ אזוי צוזאמען, אז פייער וואלט געפלויגען פון דיא אויגען. — ווען מיר זאלען קענען ברייננען דאצו, אז מיר זאלען זיך אללע האל־טען איינס, דאן וואלטען מיר דיא פאבריקאנטען געקענט געבען אזא קלאפ, דאן ברויכען מיר קיין קייסער און קיין רעגיערונג, דאן קענען מיר איינפאך זאגען: דאס און דאס פערלאנגען מיר, און דאס און דאס ווילען מיר ניט האבען, דאן וואלטען זיי אנדערש געזונגען. ווען זיי זעהן, אז מען האט פאר זיי קיין מורא, האלטען זיי איין דיא לייצעס, איך קען דיא חברה! זיי זיינען אלע טרוסען.

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. ס'איז טאקע אמת. איך בין א ודאי ניט שלעכט. איך בין אימימער געוועזן דיא וואס פלעגט זאגען, אז מען מוז האבען דיא רייכע. אבער ווען עס קומט אזוי ווייט...

י ע נ ע ר. פאר מיר, קען זיי דער טייוועל אלע נעמען. דיזע חברה פערגין איך עס מיט'ן גאנצען הארץ.

ב ע ר ט ה א. וואו איז דער טאטע? (דער אלטער באומערט איז זיך שטילערהייט ארויסגעגאנגען.)

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. איך ווייס גאר ניט וויא ער איז אהין געקומען.

ב ע ר ט ה א. האט איהם אפשר דאס פלייש פערשאט?

מ ו ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (אויסער זיך, וויינענדיג) נו, זעהט איהר שוין, זעהט איהר שוין! ער קען עס אפילו ניט פערדייען, ער וועט'ס נאך איין גאנצען אבגעבען, ס'ביסעל גוטע עסען.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (קומט אריין, וויינט פאר כעס) נע, נעע, מיט מיר איז שוין באלד אויס, מיט מיר האלט עס

שוין שמאָל, אז מען דערשלאָגט זיך שוין אַמאָל צו אביסעל רעכטע עסען, קען מען עס ניט פערטראָגען. (ער זעצט זיך וויינענדיג אויף דער באַנק.)

יעגער. (כאַפּט זיך אויף פּלוצלונג, פאַנאַטיש) און דאָ ניט ווייט זיינען דאָ לייטע, ריכטער, פּיאַוועקעס, וועלכע ווערען משוגע פון ליידיג געהן, דיזע לייטע ווילען אונז איינריידען, אז דיא וועבער קענען לעבען גליקליך, זיי זיינען בלויז צו פויל.

אנזאָרגע. דאָס זיינען גאָר קיין מענשען ניט, דאָס זיינען אונמענשען, זיינען דאָס.

יעגער. נישקשה, מיר האָבען זיי געגעבען. איך און דער רויטער בעקער. מיר האָבען זיך אָנגעטרונקען, און איידער מיר זיינען אוועק גאָר צום סוף, האָבען מיר נאָך געזונגען דאָס בלוט געריכט.

אנזארגע. אָה, גאָט גאָט, איז דאָס דאָס ליעד?

יעגער. יאָ יאָ, אָט האָב איך עס.

אנזאָרגע. ס'הייסט דאָך, גלויב איך, דאָס דרייסינער ליעד אָבער וויא?

יעגער. איך וועל עס אייך פאָרלעזען.

מוטער באומבערט. ווער האָט דען דאָס ליעד אויסגעקלערט?

יעגער. דאָס ווייס קיינער ניט. הערט זיך צו. (ער לעזט, בוכשטאַבירט וויא א חדר אינגעל, מיט א פאַלשען אקצענט אָבער מיט זעהר פיעל געפיהל, פון זיין שטיממע קלינגט ארויס אלעס: פערצווייפלונג, שמערץ, כעס, האַס, ראכע דורסט.)

מיר האָבען דאָ אזא געריכט,
נאָך ווילדער, וויא אין סדום.
און ווען מען פאלט צו איהם אריין,
דאן איז עס, וויא אין תהום.
דער מענש ווערט לאַנגזאם דאָ געקוועלט,
דאָ איז דיא מאַרטער־קאַמער,
דאָ ווערען זיפצען פיעל געצעלט
אלס עדות פון דעם יאמער.

דער אלטער באומערט. (צו הוצט און אויפס טיעפ־סטע געריהרט פון דיא ווערטער פון'ם ליעד, האָט זיך דיא גאַנצע צייט קוים איינגעהאַלטען יעגער'ן ניט איבערצוהאַקען. נו, קען ער זיך שוין מעהר ניט איינהאלטען: ער שטאַמעלט, לאכט און וויינט צו זיין פרוי) דאָ איז דיא מאַרטער־קאַמער. ווער עס האָט געשריעבען, ווייב, דער זאָגט דעם אמת. דוא קענסט זיין אַ'ן עדות... וויא הייסט עס דאָרט? דאָ ווערען זיפצען.... וויא?.... דאָ ווערען זיי פיעל געצעהלט...



יעגער. אלס עדות פון דעם יאממער.

דער אלטער באומערט. דו ווייסט וויפיעל מיר צו זיפצען איין טאָג וויא דעם אנדערען, שטעהנדיג אדער ליעגענדיג.

יעגער. (לעזט ווייטער, וועהרענד אנזארגע זיצט זעהר גע־ריהרט און פערזונקען, און מוטער באומערט און בערטהאַ ווישען זיך כסדר דיא טרעהרען.)

גזלנים זייט איהר, דרייסיגערס,
דיא דיענער אויך ניט בעסער,
איהר שינדט דיא הויט פון יעדערען,
איהר שנייט אונז אָהן א מעסער.
איהר שורקען אלל' איהר שטן'ס־בלוט.

דער אלטער באומערט. (ציטערענדיג פון כעס, טו־פּעט מיט דיא פיס) יא, שטן'ס־בלוט!!!

יעגער. (לעזט).

איהר טייוועל'ס וואהרע קינדער
איהר פרעסט דעם קבצן'ס האָב און גוטס
אָה, ווערט פערפלוכט אצינדער!

אנזארגע. נו, יא יא, דאָס איז אויך א פערדיענטע קללה.

דער אלטער באומערט. (מאַכט א פויסט, סטראשענ־דיג) איהר פרעסט דעם ארמען האָב און גוט.

יעגער. (לעזט).

האָ העלפט קיין בעטען, קיין געוויין,
כאָטש ווער דערשטיקט פון טרערען,

געפעלט אייך ניט? טאַ קענט איהר געהן
און כאַטש פערהונגערט ווערען.

דער אלטער באומערט. וויא שטעהט׳ס דאָרט? כאַטש ווער דערשטיקט פון טרערען.... יעדעס וואָרט.... דאס איז אַלעס אזוי ריכטיג וויא תורת־משה. דאָ העלפט קיין בעטען קיין געוויין.

אנזאַרגע. נו, יאַ, יאַ! נו, נע, נעע! דאָ העלפט שויז ויט קיין בעטען.

יעגער. (לעזט)

כור שטעלט זיך פאַר דיא גרויסע נויט
דעם עלענד, לאַנגען טענית,
גאַנץ אָפט פעלט אויס א ביסען ברויט,—
פערכאַפט אזש א רחמנות.
רחמנות! אָה, א שעהן געפיהל,
אייך מענשען־פרעסער פרעמד,
יאַ, יעדער וויים שוין אייער ציעל:
דעם קבצן,ס הויט און העמד.

דער אלטער באומערט. (שפרינגט אויף, הינגעריסען וויא פון היטץ) הויט און העמד, אלעס ריכטיג, ס׳איז דיא הויט און דאָס העמד פון דיא ארעמקייט, אָט שטעה איך, ראבערט באומערט.

וועבער מייסטער פון קאשבאך. ווער קען פארקומען און זאָגען: איך בין ניט געוועזען א׳ן עהרליכער מענש מיין גאַנץ לעבען. נו, קוקט מיך אָן. וואס האָב איך דאפון? וויא זעה איך אויס? וואס האָבען זיי פון מיר געמאַכט? היער ווערט דער מענש לאַנגזאַם געקוועהלט! אָט דאָ, טאַפּט אָן, הויט און ביינער, איהר שורקען אַלל, איהר שטן׳ס־בלוט!

אנזארגע. ס׳מוז אנדערש ווערען, זאָג איך. באלד, יעצט, מיר ליידען ניט מעהר, מיר ליידען ניט מעהר, ס׳מעג זיך טהון וואס ס׳ווילל!

ענדע פון צווייטען אקט.



## פערזאָנען אין דריטען אַקט:

בעקער, אייז רייזענדער,
מאַריטץ יעגער, וויעגאַנד, סטאָליאר,
דער אלטער באומערט, האָרנינג, שמאַטע קלייבער,
אנזאַרגע, א פוידער,
וועלצעל, שענקער, א וואלד שרייבער,
פרוי וועלצעל, זיין ווייב, וויטטיג, א שמיד,
אננא וועלצעל, זיין טאָכטער, קוטשע, זשאַנדאַרם,
אַן אנצאהל אלטע און יונגע וועבער.

## דריטער אַקט.

א שענק אין פעטערסוואַלד. א גרויס צימער מיט א סלופ אין מיטען, וואָס שפּאַרט אונטער דעם באַלקען. אַרום דעם סלופ א טיש. רעכטס פון דעם סלופ אין דער הינטער וואַנד א׳ן איינגאַנג־טיהר, דורך וועלכע עס זעהט זיך דער הויף, וואו עס ליעגען פעססער און ברויער געציִיג. רעכטס פון דער טיהר, אינעווייניג, אין אווינקעל שטעהט דאָס בופעט. א הילצערן ווענטעל, הויך וויא א מאַן, מיט פּאָליצעס פאר געשיר. ווייטער ארויף א שראַנק אין דער וואַנד, אויף וועלכע עס שטעהן רייהען מיט פלאַשען בראַנפען. צווישען דעם ווענטעל און דיא בראַנפען שראנק א קליינער פלאַטץ פיר דעם שענקער. פאַר דעם בופעט שטעהט א טיש בעדעקט מיט א שעהן טישטוך. איין שעהנע לאָמפּ הענגט אריבער דעם טיש און עטליכע געפלאָכטענע שטוהלען שטעהען אַרום. ניט ווייט אוועק, אויף דיא רעכטע וואַנד פיהרט א טהיר צו א צימער פאר אנגעזעהענע געסט מיט דעם אויפשריפט „וויינשטובע“. נאָך ווייטער רעכטס טיק־טאַקט א׳ן אלטער זייגער. לינקס פון דער איינגאַנגטהיר אין דער הינטער וואַנד, שטעהט איין טיש מיט פלעשער און גלעזער, און ווייטער ארויף, אין עק, שטעהט איין אויווען פון קאַכלעס, דיא לינקע זייטען־וואַנד האָט דריי קליינע פענסטער

אונטער וועלכע עס שטעהט א באַנק. בעפאר יעדע באַנק א גרויסער טיש מיט דיא שמאָלע זייט צום וואנד. ארום דיא ברייטע זייטען פון דיא טי־שען שטעהן בענק מיט אַנלעהנען, ביי די אַנדערע זייט צו האָלצערנע שטוה־לען. דאָס גרויסע צימער איז בלוי געטינקט בעהאַנגען מיט פערשיעדענע אפישען און אונגעראמטע אויל בילדער, צווישען זיי א בילד פון פריעד־ריך ווילהעלם דעם פיערטען. וועלצעל, אַ גוט מוטהיגער ריעז פון איבער 50 יאָהר צאַפּט אָן אַ גלאָז ביער פון׳ם פאָס; פרוי וועלצעל פרעסט ביים אויוען, זיא איז אַ שלאַנקע, ריין געקליידעטע פרוי פון אונגעפער 35 יאָהר. אַננאַ וועלצעל, זיעבעצען יעהריגע, היבשע מיידעל מיט פראַכטפאָלע, רויט־בלאָנדע האָר און שעהן געקליידעט זיצט ביים געדעקטען טיש, בע־שעפטיגט מיט העפטען, זיא היובט אויף דעם קאָפּ אויף אַ מינוט און הערט זיך איין. פון דער ווייטענס הערט זיך אַ בעגרעבעניס געזאנג פון קליינע קינדער.

מייסטער וויעגאַנד, דער סטאָליאָר, זיצט ביי דעם זעלבען טיש אין זיינע ארבייט׳ס קליידער מיט א גלאָז ביירישׁ ביער, אין זיין פנים זעהט מען אַן, אז ער קען זיך אויסטויגען, ווען ער וויל עטוואָס עררייכען, נעמ־ליך, ביטראָסט, שנעליגקייט און ריקזיכטס־לאָזיגקייט אין האַנדלען.

ביים טיש אונטער׳ן סלופּ קייט א רייזענדער געשמאַק אַ דייטשען ביפשטיק, ער איז אַ מאַן פון מיטעלען וואוקס, גוט אויסגעפּאַשעט, איז גוטען הומאָר, אויפגעלייגט צום שפאסען, לעבעדיג און פרעך. געהט גע־קליידעט מאָדיש, זיין רייזע־טאַש, מוסטער־קאַסטען, שירם, איבערציהער און פּלוש דעקע ליעגען אויסגעשפּרייט נעבען איהם אויף שטוהלען.

---

: ו ע ל צ ע ל. (טראָגט צו דעם רייזענדען אַ גלאָז ביער, רעדט פון אַ זייט צו וויעגאַנד) ס׳טהוט זיך׳ס היינט אָב אין פּעטערסוואַלד.

ו ו י ע ג אַ נ ד. (מיט אַ שאַרפע שטימע וויא פון א אַ טראָמפּעט) היינט טראָגט מען דאָך אָב דיא ארבייט צו דרייסיגער.

פ ר ו י ו ו ע ל צ ע ל. ס׳איז אָבער נאָך קיין מאָהל ניט גע־ווען אזוי לעבעדיג וויא היינט.

ו ו י ע ג אַ נ ד. סע קען אפשר זיין, סע איז צוליעב דיא צוויי הונדערט נייע ווֹעבער וואס דרייסיגער וויל יעצט צונעהמען.



פ ר ו י ו ו ע ל צ ע ל. (אלץ פרעסענדיג) יא, יא דאָס קען טאַ־קע זיין, ער וויל צוויי הונדערט וועט ער שוין האָבען גאַנצע זעכס הונדערט. מיר האָבען דאָ געגוג פון דיא סחורה.

ו ו י ע ג אַ נ ד. אַ גאָט, גאָט. דיא לייטע זיינען איממער דאָ גענוג, סע מעג זיי נאָך אזוי שלעכט געהן, זיי שטאַרבען גאָר ניט אויס. זיי פּלאָדיען אָן מעהר קינדער וויא מען קען געברויכען. (דאס געזאַנג הערט זיך אויף א סעקונדע שטאַרקער) יעצט קומט נאָך צו דיא לויה. דער וועבער נענטוויק איז דאָך געשטאָרבען.

ו ו ע ל צ ע ל. ס׳איז שוין לאַנג צייט געווען, ער לויפט שוין פון א יאָהר ארום וויא א טויטער.

ו ו י ע ג אַ נ ד. גלויב מיר וועלצעל, אזאַ קליינטשיק טרונקע־לע, אזאַ פּיצעלס, אזאַ גאָר ניט פון א זאָך האָב איך נאָך קיין מאָל ניט צוזאמענגעשלאָגען, דאָס איז׳ס א קערפּער, קיין נײנציג פונט האָט ער ניט געוואויגען.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. (קייענדיג) איך פערשטעה גאָר ניט.. וואו מען טהוט זיך נור א ריהר צו וועלכע עס איז צייטונג, לעזט מען אזעלכע שוידערליכע געשיכטען פון דיא וועבער׳ס נויט, אז מען קען מיינען אז דיא לייטע זיינען שוין דריי פיערטעל פערהונגערט, און ווען מען זעהט נאָכהער אזא לויה..... איך בין פּונקט אָנגעקומען איז דאָרף אריין, מוזיק, דער שוהל־לעהרער, שוהל קינדער, דער גלח אין א מאַססע מענשען, מיין גאָט, אז מען קען מיינען, מען געהט דאָ מקבר זיין דעם כינעזישען קייזער. ווען דיזע לייטע קענען זיך דאָך נאָך פערגינען.....! (ער טרינקט דאָס ביער, נאָכדעם וויא ער שטעלט אַוועק דאָס גלאָז, מיט א לייכטזיניגקייט) איז דאָס ניט וואהר, פריי־לײן? האָב איך ניט רעכט?

אַ נ נ אַ. (שמייכעלט אין פערלעגענהייט, העפט ווייטער געשמאַק).

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. געווים אַ פּאָר מאָרגען שוה פאר דעם העררן פּאַפּאַ?

ו ו ע ל צ ע ל. איך וואלט דיזעס אופ׳ן פוס ניט גענומען.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. איך וואלט א העלפט פון מיין פער־מעגען אוועקגעגעבען, ווען דיזע פּאַנטאָפעל וואָלטען געווען פאר מיר.

פ ר ו י   ו ו ע ל צ ע ל. פֿאַר דעם אָט דאָ, נו, פֿערשטעהט איהר, זעהר וויינינ.

ו ו י ע נ א נ ד. (נאָכדעם וויא ער האָט זיך עטליכע מאָל אויס־געהוסט, אונטערגערוקט דעם שטוהל. האָט ענדליך אָנגעהויבען צו רייבען) דיזער הער האָבען זיך זעהר פֿערוואונדערט אויסגעדריקט איבער די־זע בעגרעבעניס, זאָגען זיא דאָך אליין יונגע פֿרוי, איז דאָס ניט א קליינע לויה ביי אונז ?

ד ע ר   ר י י ז ע נ ד ע ר. דאָ פֿרעגט זיך אבער: דאָס מוז דאָך קאָסטען א שלל מיט געלד, פֿון וואַנען נעמען דיא לייטע אזוי פֿיעל געלד ?

ו ו י ע נ א נ ד. זיי וועלען מיר גיטיגסט ענטשולדיגען, מיין ליעבער הערר. דאָס איז שוין אזא נאַרישע איינרעדעניס ביי די היגע ארמע בעפֿעלקערונגס קלאַססע, מיט רעספּעקט צו זאָגען. זיי מאַכען זיך אזעלכע איבערטריעבענע פֿארשטעלונגען פֿון וועגען דיא שולדי־גען עהרפֿורכט און פֿליכטמעסיגע שולדינקייט צו דיא פֿערשטאָרבע־נע. און ווען דאָס זיינען נאָך פֿערשטאָרבענע עלטערען איז שוין דאָס ביי זיי אזא אָבערגלויבען. דאָ וועלען זיי צוזאַממען קלייבען און צו־זאַממען קראַצען פֿון וועמען זיי קענען נור, און וואס זיי קענען ניט צוזאַמענקראַצען, דאָס לייהט מען ביי דעם פּריץ. מען פֿערשולדיגט זיך איבער'ן קאָפּ; זיינע הויכווירדינקייט דעם גלח איז מען שולדיג, דעם בעגרעבער און דיא אללע מענשען וואס איהר זעהט. און דאָס עסען און דאָס טרינקען און אלע אַנדערע זאכען וואס מען דאַרף. ס'איז זעהר שעהן און בכבוד אז קינדער רעספּעקטירען עלטערען, אָבער מען דאַרף זיך ניט אזוי פֿערשולדיגען אויפ'ן גאַנצען לעבען לאַנג.

ד ע ר   ר י י ז ע נ ד ע ר. ערלויבען זיא, דער גלח זאָל דאָך דאָס דיא לייטע ערקלערען.

ו ו י ע נ א נ ד. זיי וועלען מיר גיטיגסט ענטשולדיגען, מיין הערר, איך מוז דאָ ערקלערען, אז יעדע קליינע געמיינדע ביי אונז האָט א'ן איינענע גאָט'ס־הויז, און מוז דעם הויכווירדיגען נשמה־פֿער־זארגער אויפֿהאַלטען. ביי אזא גרויסע לויה האָט דיא הויכע גייסט־ליכקייט איהרען פֿאָרטהייל. וואָס גרעסער דיא פּאראַד ביי אזא



בעגרעבעניס, אלץ מעהר פֿאלט צו דיא גייסטליכע. ווער עס קען דיא היגע ארבייטער־פֿערהעלטניסע, דער קען מיט אונגעהייערע בעשטימטהייט בעהויפּטען, אז דיא גייסטליכע ווילען זעהר ניט ליידען דיא שטילע בעגרעבעניסען.

ה אָ ר נ י ג. (קומט. א קליינער מיט קרומע פֿיס. א באָרבע אויפֿ־געהאַנגען דורך דיא אַכסלען. ער איז א סמאָטע קלייבער) גוט מאָרגען אייך, א'ן איינפּאַכ'ס וואָלט איך געבעטען. נו, יונגע מאַמזעל, האָט איהר עטוואס שמאַטעוואַטעריגעם ? מאַמזעל אננאַ! שעהנע סטעננעס, צאָפּ־בענדלעך, העמד בענדלעך, זאָקען בענדלעך, שפּיל־קעס, האָרנאָדעל, און העקלעך, דאס אלעס האָב איך און דאס אלעס גיב איך פֿאר א פּאָר שמאַטעס. (מיט א פֿערענדערטען טאָן) פֿון דיא שמאַמקעלעך מאַכט מען שעהן, ווייס פּאַפּיער, און אויף דיעזען פּאַפּיער שרייבט א ליעבער שאַץ א פֿיין בריוועל.

א נ נ א. אָ, א שיינעם דאַנק, איך בעדאַרף ניט קיין שאַץ.

פ ר ו י   ו ו ע ל צ ע ל. אזא מיידעל איז דאָס, זיא וויל ניט הערען פֿון חתונה האָבען.

ד ע ר   ר י י ז ע נ ד ע ר. (שפּרינגט אויף, ווא איבערראשט פֿון פֿרייד, געהט צו צום געדעקטען טיש און ציהט אריבער דיא האַנד צו אננאַ) דאָס איז קלוג, פֿריילייז, טהון זיא מיר נאָך. געבען זיא דיא האַנד! מירביידע האָבען ניט חתונה.

א נ נ א. (רויט וויא א בוריק גיהט איהם דיא האַנד) נו, איהר זייט דאָך שוין פֿערהייראַטעט ?

ד ע ר   ר י י ז ע נ ד ע ר. בעהיטע גאָט, איך מאַך זיך נור אזוי, זיא דענקען, וויל איך טראָג דעם רינג ? איך האָב'ן בלויז אָנ־געטאָהן אום צו בעשיטצען מיין פּערזענליכקייט פֿון א'ן אָנפֿאַל. פֿאר אייך האָב איך קיין מורא (ער בעהאַלט דעם רינג אין קעשענע.) — זאָ־גען זיא דאָך אין ערנסט, פֿריילייז, ווילען זיא טאַקע קיין מאָל ניט הייראַטהען, אזוי זיך א קליין ביסעל הייראַטהען ?

א נ נ א. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.)

פ ר ו י   ו ו ע ל צ ע ל. זיא וועט ניט חתונה האָבען, אויסער ס'זאָל טרעפֿען נאָר אן אַנטיקעל.

ד ע ר   ר י י ז ע נ ד ע ר. נו, ווארום דען ניט ? אָט האָט א

רייכער שלעזישער מאגנאט חתונה געהאט מיט זיין מוטער׳ס א דיענסט מיידעל, און דער רייכער פאבריקאנט דרייסיגער האט געגר־ מען א סטאראסטע׳ס א טאכטער. און זיא איז ניט האלב אזוי שעהן ווי זיא זיינען, פריילין, און יעצט פאהרט זיא ארום אין א׳ן עקי־ פאזש מיט א קוטשער און א לאקיי, ווארום דען ניט? (ער געהט הין און צוריק, ציהט זיך אויס און טוישט איבער דיא פיס.) איך וואלט טרינקען א גלאז קאווע.

אנזארגע. און דער אלטער באומערט. (קו־ מען אריין יעדער מיט א פאק, און זעצען זיך שטיל און דעמוטהיג נעבען הארניג ביי דעם פאדערסטען טיש, לינקס.)

וועלצעל. סקאציל קומט! פעטער אנזארגע, זעהן מיר זיך ווידער אמאל.

הארניג. ביסט ווידער ארויסגעקראכען פון דיין פעררוי־ כערטען נעסט?

אנזארגע. (אונבעהאלפען און אין פערלעגענהייט) איך האב ווידער גענומען א סנאווע.

באומערט. ער וויל ארבייטען פאר 10 גראשען.

אנזארגע. איך וואלט׳ס קיין מאל ניט געטאן. אבער דיא קאשיק פלעכטעריי איז אויך שוין אויסגעשפיעלט.

וויעגאנד. ס׳איז דאך בעסער וויא גאר נישט. ער טהוט עס דאך נור אייך צו געבען ארבייט. איך בין זעהר גוט בעקאנט מיט דרייסיגער׳ן, פאר אכט טאג האב איך ביי איהם ארויסגענומען דיא טאפעלטע פענסטער, האבען מיר געשמועסט וועגען דעם, ער טהוט עס בלויז אויס רחמנות.

אנזארגע. נו, יא, יא, — נו, נעע, נעע.

וועלצעל. (טראגט צו א גלעזעל בראנפען יעדען וועבער) דא האט איהר, נו, זאג דאך, אנזארגע, וויא לאנג האסטו זיך שוין ניט גע־ לאזט ראזירען? דיזער הערר וואלט׳ס זעהר וועלען וויסען.

דער רייזענדער (שרייט אריבער) אך, הערר ווירטה, דאס האב איך דאך ניט געזאגט, דער הערר וועבער מייסטער איז מיר נור אויפגעפאלען דורך זיין עהרווירדיגעס אויסזעהן. אזעלכע ריזיגע פיגורען, זעהט מען היינטיגע צייטען זעלטען.



אנזארגע. (קראצט זיך דעם קאפ אין פערלעגענהייט) נו, יא, יא, — נו, נעע, נעע.

דער רייזענדער. אזעלכע קרעפטיגע נאטור מענשען זיינען הייט צו טאג זעהר זעלטען. דיא קולטור האט אונז בעלעקט..... אבער מיך פרייט נאך אימער דאס אורשפרינגליכע, דאס נאטירלי־ כע. ס׳ארע פערוואכסענע ברעמען! ס׳ארעווילדע בארד...

הארניג. נו, פערשטעהט איהר מיך, ווערטהער הערר, איך וועל אייך זאגען: דיא לייטע קענען זיך ניט פערגינען צו געהן צו א ראזירער, און צו א׳ן אייגען ראזיר־מעסער, קענען זיי זיך אין לעבען ניט דערשלאגען. וואס וואכסט, וואכסט. מיט דער אויס־ זעהן, קענען זיי זיך ניט אבגעבען.

דער רייזענדער. אבער איך בעט אייך מיין ליעבער מאן, וויא וואלט איך.... (שטיל צום שענקאר) קען מען דעם האריגען מענשען אנבאטען א גלאז ביער?

וועלצעל. זאל גאט היטען, ער נעמט ניט. ער האט זיך זיינע קאמישע גענגע.

דער רייזענדער. נו, איז ניט. ערלויבט, ליעבע פריי־ ליין (ער זעצט זיך נעבען געדעקטען טיש.) איך קען אייך פערזיכערען, אז אייערע האר שטעכען מיך אין דיא אויגען, זייט איך בין אריינגע־ קומען. דער מאטטער גלאנץ, דאס ווייכקייט, דיא פולקייט! (ער קושט ענטציקט דיא שפיצען פון זיינע פינגער) און דיא פארב..... וויא רייפע ווייצען, ווען איהר זאלט מיט דיעזע האר קומען נאך בערלין, איהר וואלט א וועלט אויפגערודערט. אויף מיין עהרען ווארט, מיט דיזע האר קענט איהר זיך ווייזען פאר דעם קייזער..... (ער בייגט זיך איבער און בעטראכט דיא האר) פראכטפאל, איינפאך פראכטפאל.

וויעגאנד. דאדורך האט זיא דאך אזא שעהנעם צונא־ מען געקריגען.

דער רייזענדער. וויא רופט מען זיא דען?

אננא. (האלט אין איין לאכען אין זיך) א הערט איהם ניט!

הארניג. דאס איז דאך דער פוקס, ניט וואהר?

וועלצעל. נו, הערט דאך שוין אויף, איהר ועט מיר דעם מיידעל גאר פערדרייען דעם קאפ. מען האט איהר שוין אזוי אויך

נענונג קאפריזען אריינגעהאקט אין קאפ אריין. היינט וויל זיא א גראף, מארגען זאל עס שוין זיין א פירשש.

פרוי וועלצעל. מאך נור ניט דאס מיידעל אזוי שלעכט, אלטער! ס'איז ניט קיין חטא ווען א מענש וויל ווייטער קומען. ווען דיא גאנצע וועלט זאל דענקען וויא דו דענקסט, וואלט זיך קיינער ניט גערירט פון פלעק, וואלטען אלע געבליעבען זיטצען. ווען דריי־סינער'ס זיידע זאל אזוי דענקען, וואלט ער געבליעבען א'ן ארימער וועבער, איצט זיינען זיי שטיינרייך. דער אלטער טראמטרא איז אויך ניט מעהר געווען וויא אז ארימער וועבער, יעצט האט ער צוועלף גייטער און איז נאך געווארען אן ארעלינער.

וויעגאנד. גערעכט, אליץ גערעכט, וועלצעל. אין דער זאך איז דיין ווייב אויף דעם רעכטען וועג. אויף דעם קען איך דיר גוטשטעהן, וואלט איך געדענקט וויא דו, וואו וואלט איך היינט געווען?

האַרניג. דו וויסט שוין וואס צו טאן, דאס קען מען דיר ניט פערלייקענען, דער וועבער גייט נאך ארום אויף צוויי פיס, מאכסטו איהם שוין א טרונע.

וויעגאנד. ווער ס'וויל מיט מאכען, מוז זיך וויסען וויא צו האלטען.

האַרניג. יא, יא, דו ווייסט זיך שוין וויא צו האלטען דו ווייסט נאך פריהער וויא דער דאקטאר, ווען דער טויט דארף קומען צו א וועבער־קינד.

וויעגאנד. (לאכט שוין קוים, ווערט פלוצלונג מלא רציחה) און דוא ווייסט בעסער פון דער פאליציי, ווען דיא וועבער בעהאלטען עטליכע שפולען גארן. דו געהסט ארום נאך שמאטעס און נעמסט אביסעל גארן ווען עס לאזט זיך.

האַרניג. און דיינע ווייצען בליהען אויפ'ן בית עולם. וואס מעהר עס געהען שלאפען אויף דיא שפענער, אליץ בעסער פאר דיר. ווען דו זעהסט דיא מאססע קינדרישע קברים'לעך, פאטשטו זיך איבער דעם בייכעל און זאגסט: היי־יאהר איז געווען א גוט יאהר, דיא עופ'עלעך זיינען געפאלען וויא דיא פליגען, קען איך מיך ווידער צו ליינען א קווארט יערע וואך.



וויעגאנד. מיט גנבות האב איך נאך פון דעסטוועגען קיין מאהל ניט געהאנדעלט.

האַרניג. דו מאכסט העכסטענס צוויי מאל דעם זעלבען רעכנונג א רייכען בארכענט פאבריקאנט, אדער פערטראגסט אמאל עטליכע ברעטלעך פון דרייסיגערס געביירע, ווען דיא לבנה שיינט גראד ניט.

וויעגאנד. (קעהרט זי אב פון איהם) רעד מיט ועמען דו ווילסט, נור ניט מיט מיר. (פלוצלונג) געמיינער ליגנער!

האַרניג. מתים־סטאליאר!

וויעגאנד. (צו דיא אנוועזענדע) ער קען בהמות פער־כשוף'ען.

האַרניג. היט זיך בעסער, זאג איך דיר, אז ניט מאך איך מיין צייכען. (וויעגאנד ווערט בלאס).

פרוי וועלצעל. (איז געווען ארויסגעגאנגען. יעצט שטעלט זיא אנידער קאווע פאר דעם רייזענדען) זאל איך ליעבער דיא קאווע אריין טראגען אין'ם שטיבעל?

דער רייזענדער. וואס פאלט אייך איין! (מיט א שמאכטענדען בליק אויף אננא.) דא וויל איך זיצען ביז אין מיין טויט אריין.

איין יונגער וואלד־שרייבער און איין פויער. (דער לעצטער מיט א בייטש אין האנד, קומען אריין. ביידע.) גאט העלף. (זייא בלייבען שטעהן ביים בופעט).

דער פויער. גיט אונז צווייא שנאפסען.

וועלצעל. וואס מאכט מען? (ער גיסט איין; דיא בראנ־פען, דיא ביידע נעהמען דיא גלעזלעך, שלאגען אן איינ'ס אין ס'אנדערע, טרינקען צו ביסלעך און שטעלען זיי אויף דעם בופעט.)

דער רייזענדער. נו, הער וואלד־שרייבער, א גוטע רייזע געמאכט?

דער וואלד־שרייבער. נישט קשה. איך קום פון שטיינזייפערסדארף.

(ערשטער און צווייטער אלטער וועבער קומען און זעטצען זיך נעבען אנזארגע, בעאומערט און האַרניג)

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. ענטשולדיגען זיא, דיענען זיא ביי'ם גראף האכהיים ?

ד ע ר ו ו א ל ד־ש ר י י ב ע ר. איך בין ביי גראף קעיל.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. יא, יא, דאס מיין איך טאקע ס'זיינען ביי אייך פאראן אזוי פיעל גראפען און באראנען און פרייהעררען, אז מען מוז האבען א געוואלדיגען זכרון דאס אלעס צו געדענקען. צו וואס טראגט איהר דאס דיא האק, העדר וואלד־שרייבער ?

ד ע ר ו ו א ל ד־ש ר י י ב ע ר. דיא האב איך צוגענומען ביי האלץ־גנבים.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. אונזערע פריצים היטען צופיעל אפ, יעדעס שטיקעל האלץ.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. ערלויבען זיא דאך, דאס קען דאך אנדערש ניט זיין, ווען יעדער איינער זאל וועלען נעמען....

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. מיט ערלויבענים צו רייד־דען, דא איז עס וויא איבעראל מיט דיא גרויסע און קליינע גנבים. מיר האבען דא אזעלכע וואס פיהרען א גרויסען האלצהאנדעל און ווערען רייך פון גע'גנב'עטען האלץ. ווען אבער א'ן ארעמער וועבער....

ע ר ש ט ע ר א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. (האקט איבער באומערט'ן) מיר טארען קיין צווייגעל ניט ריהרען. אבער דיא הערשאפטען, זיי ווייסען זיך שוין וויא מיט אונז צו בעגעהען, זיי שינדען דיא פעל איבער דיא אויערען. צאהלען מוז מען שוטץ געלד און שפינגעלד, אויפ'ן פעלד ארבייטען, אומזאנסטע גענג לויפען און פעררדיכטען הויף ארבייט, צו מען וויל צו ניט.

א נ ז א ר ג ע. אזוי געהט עס שוין. וואס דער פאבריקאנט לאזט איבער, נעהמט דער פריץ ארויס פון קעשענע.

צ ו ו י י ט ע ר א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. (האט זיך געזעצט ביי דעם נעבענ־טיש) איך האב עס דעם גנעדיגען העדר אליין גע־זאגט. זיא וועלען מיר גיטיגסט פערצייהען, העדר גראף, זאג איך, דאס יאהר קען איך ניט מאכען אזוי פיעל הויף־טעג. איך פער'־עקשן זיך ניט. פאר וואס דען ? אבער זיא מוזען ענטשולדיגען, דאס



וואסער האט מיר אלעס חרוב געמאכט. דאס ביסעל וואס איך האב פערזייט האט'ס אין גאנצען אוועקגעריסען. איך מוז ארבייטען טאג און נאכט פאר דעם שטיקעל חיונה. אזא שטראם... מענשען מענשען ! איך בין נור געשטאנען און געבראכען דיא הענד. און דער שעהנער גרונד, שטיקער וויין האט ער זיך אפגעריסען און גע־קייקעלט זיך איבער דיא בערג גלייך אין מיין חאטקע אריין. און דיא שעהנע טהייערע זאכען !.... א, גאט, גאט איך האב אין דיא וואלקען אריינגעקלאגט, און גאנצע אכט טאג האב איך אזוי געוויינט, אז איך קען שוין ניט זעהען אויף מיינע אויגען.... און דערנאך ווידער, דאס ארויפשלעפען דיא ערד אויף דיא נעבערג.

ד ע ר פ ו י ע ר. (רויט) זעהט דיא קגות וואס ער קלאגט דא. וואס גאט שיקט צו, מיט דעם מוזען מיר זיך צופריערען שטעלען. און אז אייך געהט שלעכט, זייט איהר אין דעם אליין שולדיג. ווען מיר האבען געהאט גוטע צייטען, וואס האט איהר דאן געטאן ? אלעס פערשפיעלט און פערזאפען. וואלט איהר דע־מאלט געשפארט, וואלט איהר דאן געשפארט וואלט איהר היינט געהאט אין א נויט, וואלט איהר ניט בעדארפט גנב'ענען קיין קארן און קיין האלץ.

ע ר ש ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. (וועלכער שטעהט אין דרויסען מיט עטליכע חברים, שרייט אריין הויך דורך דיא טהיר) א פויער בלייבט א פויער, ווען ער זאל אפילו שלאפען ביז האלבען טאג.

ע ר ש ט ע ר א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. אזוי געהט עס יעצט: דער פויער און דער פריץ ציהען ביי דעם זעלבען שטריק. וויל א וועבער האבען א שטיקעל וואהנונג, קומט דער פויער און זאגט: דא האסטו א לאך צום וואהנען, און דערפאר בעצאהלסטו מיר א שעהנעם צינז און העלפסט מיר אריין ברייגגען מיין היי און מיין תבואה. און ווען דו ווילסט ניט, קענסט זיך געהן געזונדערהייט. געהסטו צום צווייטען, הערסטו דעם זעלבען פזמון.

ב א ו מ ע ר ט. (מיט כעס) אלע גריזשען פון אונז.

ד ע ר פ ו י ע ר. (אויפגערעגט) א, איהר פערהונגערטע

נבלות, צו וואָס טויגט איהר דען? קענט איהר ציהען אַ'ן אַקער־אייזען? קענט איהר מאַכען אַ גלייכען שניט מיט'ן אַקער אייזען. אָדער אַ בינטעל תבואה אויף אַ וואָגען ארויפלייגען? איהר טויגט דאָך נור צו פוילענצען און צו ליגען ביי דיא ווייבער. איהר טויגט צו קיין זאַך ניט, איהר זייט ליידיגגעהער. (ער בעצאָהלט און געהט אַוועק, דער וואַלד־שרייבער געהט נאָך. וועלצעל, דער סטאָליאַר און פרוי וועלצעל לאַכען אויף'ן קול, דער רייזענדער לאַכט, ווען דאס לאַכען הערט אויף ווערט שטיל.)

ה אַ ר נ י ג. אַזאַ פויער איז דאָך וויא אַ'ן אמת'ער אָכס..... ווען איך זאָל ניט וויסען וואסער נויט דאָ איז. ווייטער ארויף, אויף דיא געבערג, וואָס זעהט מען זיך דאָרט ניט אָן? צו פיער און צו פינף ליעגען זיי גאַנץ נאַקעט אויף איין שטרוי זאַק.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. (מיט אַ ווייך קול) ערלויבען זיא מיר ליעבער מאַן, ווענען דיא נויט אין דיא געבערג זיינען דאָ פער־שיעדענע מיינונגען. ווען זיא וואָלטען קענען לעזען.....

ה אַ ר נ י ג. איך קען אַזוי גוט לעזען דיא גאַזעטען וויא זיי. נע, נעע, איך קען עס וויסען, איך בין גענוג ארומגעקראָכען צווישען דיא לייטע, ווען איינער טראָגט פיערציג יאָהר זיין קאָפּ־שטיק אויף דעם קארק, לערנט מען זיך שוין ענדליך עטוואס אוים. וויא איז עס דען געווען מיט פוללערען? דיא קינדער האָבען געקליבען פון דיא מיסטען צוזאַממען מיט דיא שכנים'ס גענז. געשטאָרבען זיי־נען זיי נאַקעט אויף דיא שטיינער. פערשטונקענעם חלב האָבען זיי געגעסען פון הונגער, צו הונדערטע און הונדערטע זיינען זיי אומגע־קומען פון הונגער.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. וואָלטען זיא געקענט לעזען, וואָל־טען זיא געוואוסט, אז דיא רעגיערונג האָט גענומען גאַנץ גענוי נאָכפאָרשען, און דאָס...

ה אַ ר נ י נ. דאָס ווייס מען שוין, דאָס ווייס מען שוין; דאָ קומט אראָב צו פאָהרען אַ גרויסער פריץ פון דער רעגיערונג, וועל־כער ווייס שוין אַלעס בעסער, נאָך איידער ער האָט געזעהען. געהט זיך אַביסעל ארום אין דאָרף וואו דאס טייכעל פליסט און וואו דיא שעהנע הייזלעך שטעהען, ווייטער האָט ער מורא צו געהן, ער זאָל



זיך ניט פערשמירען דיא אויסגעפוצטע שטיוועלעך. נו, רעכנעט ער זיך, ער האָט שוין יוצא געווען, ס'איז מסתמא איבעראל אזוי שעהן. זעצט ער זיך אריין אין זיין קארעט, פאָרט אהיים און שרייבט קיין בערלין, אז עס איז גאָר קיין אָרימקייט ניטאָ. ווען ער וואָלט געהאט אַביסעל מעהר געדולד — און וואלט געהן אַביסעל טיעפער אין דעם דאָרף, איבער דעם טייך, אָדער אויף דיא אַנדערע זייט וואו עס שטעהן דיא קליינע כאַלופקעלעך, אָדער דיא אלטע חורבות אויף דיא בערג, וועלכע זיינען אזוי שווארץ און האַלב איינגעפאַלען, אז עס איז אַ שאָד אַ צינדהעלצעל זיי אונטערצוצינדען, דאַן וואלט ער אַנדערש געשריעבען קיין בערלין, צו מיר זאָלען זיי קומען, דיא העררען פון דער רעגיערונג וועלכע ווילען ניט גלויבען, אז דאָ איז פאראן נויט. איך וואָלט זיי שוין אויפגעציינט. איך וואלט זיי דיא אויגען אויפגעקניפּט. אין אַלע דיא הונגערנעסטען.

(אין דרויסען הערט זיך דאָס וועבער ליעד זינגען.)

ו ו ע ל צ ע ל. זיי זינגען שוין ווידער דאָס טייוועלשע ליעד.

ו ו י ע ג אַ נ ד. זיי שטעלען דאָס גאַנצע דאָרף מיט'ן קאָפּ אראָב.

פ ר ו י ו ו ע ל צ ע ל. ס'טראָגט זיך עפּעס ארום אין דיא לופט.

(יעגער און בעקער געארמט, נאָך זיי אַ גאַנצע חברה יונגע וועבער, קומען אריין אין הויף מיט אַ געשריי, און נאָכהער אין שענק.)

י ע ג ע ר. שוואדראָן, האַלט! אַבגעזעסען! (דיא אָנגעקו־מענע זעצען זיך ארום דיא פערשידענע טישען, וואו עס זיצען שוין וועבער און הייבען אָן מיט זיי צו שמועסען.)

ה אַ ר נ י ג. (צו בעקער'ן) וואָס טהוט זיך עפּעס ביי אייך, וואס איהר שלעפּט זיך ארום גאַנצע באַנדעס?

ב ע ק ע ר. (מיט בעדייטונג) אפשר וועט זיך עפּעס טאָן, איז וואהר, מאַריטץ?

ה א ר נ י ג. נאָך דאָס פעהלט! מאַכט נור ניט אָן קיין צרות.

ב ע ק ע ר. ס'איז שוין בלוט געריגען. ווילסט זעהן? (ער שאָרט ארויף דעם אָרבעל און ווייזט איהם בלוטיגע צייכען פון פּאקען

אויף דעם אָרם. דאס זעלבע טהוען פיעלע יונגע וועבער ארום דיא אַנדערע טישען.)

ב ע ק ע ר. מיר זיינען געווען ביים פעלדשער שמיט, פאַר־קען שטעלען.

ה אָ ר נ י ג. איצט איז עס קלאָר וויא דער טאָג. ס'איז שוין גאָר ניט קיין וואונדער וואס דאָ טהוט זיך אזוי אָב אין אלע גאסען, ווען איז דאַרף שליאָנדערען זיך ארום אזעלכע צרות.

י ע נ ע ר. (מיט גביר'שע גאות. אויפ'ן קול) גיב צוויי קוואָרט, וועלצעל ! איך צאָהל, מיינסט אפשר איך האָב ניט דיא פויטיקע ? נו, נו, קענסט לאַנג ווארטען. ווען מיר זאלען וועלען, קענען מיר טרינקען בראָנפען און גיסען קאַווע ביז מארגען און דער פריה, אזוי גוט וויא א רייזענדער. (דיא יונגע וועבער צולאַכען זיך.)

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. (מיט קאָמישע ערשטוינונג) מיינען זיי אונז אדער מיינען זיי מיך ? (דער באלעבאָס, דיא באלעבאָסטע, דיא טאָכטער, וויעגאנד און דער רייזענדער לאכען.)

י ע נ ע ר. איך מיין דעם, וואס פרעגט זיך.

ד ע ר ר י י ז ע נ ד ע ר. ערלויבען זיא דאָך, יונגער מענש, אייערע געשעפטען שיינען צו געהן גאַנץ גוט.

י ע ג ע ר. איך קען זיך ניט בעקלאָגען, איך בין רייזענדער, איך מאַך שותפות מיט'ן פאַבריקאַנט, וואָס מעהר דער וועבער הונגערט, אַלץ מעהר עס איך. וואָס גרעסער דיא נויט, אַלץ גרעסער מיין ברויט.

ב ע ק ע ר. דאָס האָסטו גוט געזאָגט, זאָלסט לעבען, מאָריץ.

ו ו ע ל צ ע ל. (האָט געבראַכט דעם בראָנפען, צוריק געהענדיג צום בופעט, בלייבט ער שטעהן, ווענדעט זיך לאַנגזאָם, פלעגמאַטיש און געמעסיגט צו דיא וועבער. גאַנץ רוהיג אָבער שטרענג.) לאָזט דאָך דיזען מאַן צופריעדען, ער האָט דאָך אייך גאָר נישט, נישט געטאָן.

ש ט י מ מ ע פ ו ן י ו נ ג ע ו ו ע ב ע ר. מיר טהוען דאָך איהם אויך גאָר ניט. (פרוי וועלצעל האָט גערעדט עטליכע ווערטער מיט דעם רייזענדען. זיא נעהמט דיא טאַסע קאַווע און טראָגט זיא ארייַן אין דעם אַלקער. דער רייזענדער געהט איהר נאָך אונטער דעם געלעכטער פון דיא וועבער.)



ש ט י מ מ ע פ ו ן ו ו ע ב ע ר. (זינגען)
גזלנים זייט איהר, הרייסיגערס,
דיא דיענער אויך ניט בעסער.

ו ו ע ל צ ע ל. פסט.... פסט ! דאָס ליעד קענט איהר זינגען וואו איהר ווילט, אין מיין הויז וויל איך דאָס ניט הערען.

ע ר ש ט ע ר א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. ער האָט גאַנץ רעכט. הערט אויף צו זינגען.

ב ע ק ע ר. (שרייט) אָבער פאר דרייסיגערען מוזען מיר נאָך אמאָל פארפייגעהן, ער מוז נאָך הערען דאָס ליעד.

ו וי ע ג א נ ד. טרייבט עס נור ניט צו ווייט. ער זאָל אייך פור ניט שלעכט פערשטעהן. (געלעכטער און האָהאָ.)

ד ע ר א ל ט ע ר ו ו י ט י ג. (איין גראָהער שמיעד, מיט'ן בלויזען קאָפּ אין אַ לעדערנעם פאַרטוך, הילצערנע שיך, פירשמירט וויא נור וואס פון דער ארבייט. קומט ארייַן און ווארט ביים בופעט אויף אַ גלעזעל בראָנפען.) לאָזט זיי דאָך שפּיעלען. דיא הינד וואס בילען, דיא בייסען ניט.

ש ט י מ מ ע ן פ ו ן א ל ט ע ו ו ע ב ע ר. „וויטטיג איז דאָ". „וויטטיג, וויטטיג". „קום אהער וויטטיג, זעץ זיך ביי אונז" „קום אהער צו אונז, וויטטיג".

ו ו י ט ט י ג. איך וועל זיך נאָך גוט מישב זיין מיט אזעל־כע חברה זיך צו זעצען.

י ע ג ע ר. קום, טרינק מיט.

ו ו י ט ט י ג. האַלט זיך מיט דיין בראַנפען. ווען איך וויל טרינקען, קען איך אַליין בעצאָהלען, (ער זעצט זיך מיט זיין גלעזעל בראָנפען צו באומערט און אַנזאָרגע. קלאַפּט אַנזאָרגע איבער'ן בויך.) וואס פרעסט א וועבער ? זויער קרויט און הינד פלייש.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (מיט היץ) נו, וויא דען, און ווען אזוי, און אַז מען איז ניט צופריעדען דאַמיט ?

ו ו י ט ט י ג. (מאַכט זיך פערוואונדערט, גלאָצט דום דיא וועבער אָן) נו, נו, נו, היינערלע, ביזטו דאָס ? (פלאַצט ארויס מיט א געלעכטער) מענשען, מענשען, איך פּלאַטץ פון געלעכטער, דער אל־טער באומערט געהט מאַכען א בונט. דאָ וועלען מיר עס האָבען :

איצט הייבען דיא שניידער אָן, נאָך דעם קומען דיא שעפּסען, דאן קומען דיא מייז מיט דיא ראַטען. אוי, רבונו של עולם, דאָ וועט זיך דאָס אביסעל טהאָן. (ער קען זיך ניט איינהאַלטען פון לאַכען.)

ד ע ר  א ל ט ע ר  ב א ו מ ע ר ט. איך בין פון דעסטוועגען נאָך אימער דער אייגענער וואס פריהער. איך זאָג איצט נאָך, ווען ס'זאָל געהן מיט גוטען, וואָלט געווען בעסער.

ו ו י ט ט י נ ג. א מכה ווען'ס געהן ! ניט מיט גוטען. וואו איז דאָס אזעלכעס געגאַנגען מיט גוטען ? איז עס אין פראנקרייך געגאַנגען מיט גוטען ? האָט ראָבעספּיער געגלעט דיא רייכע אי־בערן'ן בייכעל ? דאָרט האָט'ס געהייסען : אוועק מיט אלע, אויף דיא גיליאָטינע ! דאָס מוז געהן וויא געשמירט. דיא געבראָטענע טויבען פליהען ניט אין מויל אריין.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ב א ו מ ע ר ט. ווען איך וואָלט כאָטש קענען וויא עס איז אויסקומען......

ע ר ש ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. אונז איז שוין געקור־מען דאָס וואסער ביז צום האלדז, וויטטיג.

צ ו ו י י ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. מע מעג שוין באַלד גאָר ניט אהיים געהן. צו מען האָרעוועט, צו מען לייגט זיך שלאָפען, מען הונגערט אלץ

ע ר ש ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. אין ד'רהיים ווערט מען גאָר משוגע.

ד ע ר  א ל ט ע ר  א נ ז א ר ג ע. מיר איז שוין גאָר אלץ איינס, אזוי, צו אזוי.

ש ט י מ מ ע  פ ו ן  א ל ט ע  ו ו ע ב ע ר. (מיט פערגרע־סערטע אויפרעגונג.) „מען האָט אין ערגעץ ניט קיין מנוחה. „מען האָט גאָר ניט דעם קאָפּ צו דער ארבייט". אויבען ביי אונז אין שטיינק. נצענדארף זיצט איינער שוין א גאנצען טאָג ביים וואסער, נאַקעט וויא די מאַמע האָט איהם געהאט, און וואשט זיך. דעם האָט עס שוין גאָר פערדרייט דעם קאָפּ.

ד ר י ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. (הייבט זיך אויף וויא א רות נבואה וואָלט אין איהם אריין. פייטעלט מיט דעם פינגער און זאָגט) דערגעהנטערט אייך ניט צו דיא רייכע און צו דיא שטאָלצע ! א



משפּט טראָגט זיך ארום אין דיא לופט ! ארני צבאות.... (אייניגע לאַכען, מען שטופּט איהם אויף זיין שטוהל.)

ו ו ע ל צ ע ל. ער דארף נור איין גלעזעל בראַנפען מישט זיך איהם באַלד אין קאָפּ.

ד ר י ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. (כאַפּט זיך ווידער אויף) דאָך, הא ! זיי גלויבען ניט אין קיין גאָט, אין קיין הימעל און קיין גהינם, זיי שפּעטען פון דער אמונה....

ע ר ש ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. זאָל דאָך שוין זיין גענוג, זאָל !

ב ע ק ע ר. דו לאָז דאָך דעם מאַן זאָגען זיין תפילה, ס'קען זיך איינער אראָבנעמען א מוסר.

פ י ע ל ע  ש ט י מ מ ע ן. (אין געטומעל) „לאָזט'ן ריידען! „לאָזט'ן !"

ד ר י ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. (מיט פערהעכערטען קול) דעריבער איז דאָס גהינום פול מיט נקמה, ווייט אָפען צו פערשלינגען דיא נשמות פון אלע דיא וואס קוועלען דעם אָרמען און פערגוואלדעווען דאָס רעכט פון דעם עלענדען, אזוי זאָגט ארני צבאות.

(א געטומעל).

ד ע ר  ד ר י ט ע ר  א ל ט ע ר  ו ו ע ב ע ר. (דעקלאַמירט פלוצלונג וויא א חדר אינגעל.)

און דאָך וויא וואונדערבאר געהט'ס,
ווען מען וויל עס גוט בעטראַכטען,
ווען מען דעם ליינוועבערס ארבייט וויל בעטראַכטען!

ב ע ק ע ר. מיר זיינען אָבער בארכענט וועבער.

(געלעכטער.)

ה אָ ר נ י נ ג. א ליינוואַנד וועבער געהט עס נאָך פיעל ער־גער. דיא שלעפּען זיך בלויז ארום צווישען דיא געבערג וויא דיא מתים. איהר דאָ האָט נאָך ווייניגסטען אביסעל צו מורמלען.

ו ו י ט ט י ג. מיינסטו אז דאָס איז שוין דאָס ערגסטע ? דאָס ביסעל כוח וואס איהר האָט נאָך, וועט דער פאבריקאנט נאָך אין גאַנצען פון אייך ארויסטרייבען.

בעקער. ער האט דאך געזאגט: דיא וועבער וועלען נאך ארבייטען פאר קליינע ברויט.

(געטומעלט)

פערשיעדענע אלטע און יונגע וועבער. ווער האט דאס געזאגט?

בעקער. דאס האט דרייסיגער געזאגט, איבער דיא וועבער.

איין יונגער וועבער. אזא הונט, איהם דארף מען דאך אויפהייגנען.

יעגער. הער מיך אוים, וויטטיג, דוא האסט דאך אימער אזוי פיעל גערעדט פון דיא פראנצויזישע רעוואלוציאן. דו האסט אימער געהאט א פול מויל. נו, קען זיך אפשר באלד מאכען א גע־לעגענהייט ארויסצוצייגען וואס איינער איז, צו האט ער נור א גרויס מויל, אבער צו איז ער טאקע א'ן עהרענמאן.

וויטטיג. (צוקאכט זיך פון כעס) נאך איין ווארט, סמאר־קאטש! האסטו ווען געהערט קוילען פייפען? ביסטו אמאל גע־שטאנען אויף'ן פאסט אין א שונא'ס לאנד?

יעגער. נו, צוקאך זיך ניט אזוי, מיר זיינען דאך גוטע ברידער. איך האב עס גאר ניט געמיינט אזוי שלעכט.

וויטטיג. איך שפיי אויף אזא גוט ברודערשאפט. דו אויפגעבלאזענער זאק!

זשאנדארם קוטשע. (קומט אריין)

פיעלע שטיממען. פשט, פשט, פאליציי! (עס ווערט געציששט א צייט איידער עס ווערט שטיל.)

קוטשע. (זעצט זיך ביים טיש ארום דעם מיטעלסטען סלופ. אלע שווייגען שטיל.) א קליין'ס קארן בראנפען, איך בעט אייך.

(ווידער גאנץ שטיל).

וויטטיג. נו, קוטשע ביסט טאקע געקומען צו אונז אין דיא רעכטע צייט.

קוטשע. (קוקט זיך ניט אום אויף וויטטיג) גוט מאג'ן, מייס־טער וויעגאנד.



וויעגאנד. (שטעהט נאך אלץ ביים בופעט) א שעהנעם דאנק, קוטשע.

קוטשע. וויא געהט'ס געשעפט?

וויעגאנד. א דאנק פאר'ן פרעגען.

בעקער. דער פערוואלטער האט מורא, מיר זאלען זיך ניט פערדארבען דעם מאגען פון דיא צו פיעל שכירות, וואס מיר קריגען.

(געלעכטער)

יעגער. ס'איז אמת, וועלצעל, מיר האבען דאך אלע געגעסען שווייגען פלייש און געפרעגעלטע פארפעל און זויער־קרויט. און יעצט פערטרינקען מיר מיט שאמפאניער וויין.

(געלעכטער)

וועלצעל. דיא זון שיינט הינטען ארום.

קוטשע. ווען מען זאל אייך אפילו געבען שאמפאניער מיט געבראטענעס, וועט איהר נאך אלץ ניט צופריעדען זיין. איך האב קיין שאמפאניער און לאז מיך אויך בעגנינגען.

בעקער. (איבער קוטשע'ס נאז) ער בעגיסט זיין רויטע אוגערקע מיט בראנפען און ביער. פון דעם ווערט זיא צייטיג.

(געלעכטער)

וויטטיג. אזא זשאנדארם האט זעהר א שוועהר לע־בען. א מאל מוז ער א פארהונגערטען בעטלער אריין פאקען אין לאך אריין. אנאנדערש מאל מוז ער זיך נעבעך בעמיהען און זיין ארימע פרוי גוט אנשלאגען, אז זיא קען קוים מיט'ן לעבען אנט־לויפען און פאר שרעק זיך בעהאלטען ביי א שכן; ווידער, מוז ער ארום רייטען אויף א פערד אדער גאר שלאפען ביז ניין א זייגער; דאס איז גאר ניט קיין לייכט לעבען!

קוטשע. דו זאלסט נור ריידען. דו וועסט זיך נאך א מאל צו עפעס דעריידען. מען ווייס שוין פון לאנג וואסער גוטער ברודער דו ביסט. דיין אויפהעצערישער פיסק איז שוין בעקאנט ביז צום לאנדראטה. איך קען דא איינעם וואס וועט מיט זיין שיכור'ן און ארום ליעגען אין דיא קרעטשמעס זיך נאך ברייננגען

אין תפיסה אריין, און זיין ווייב און קינד צו בעטעל ברויט. ער וועט אזוי לאנג העצען און העצען, ביז ס'וועט נעמען א סוף צו דיא שרעקען.

ו ו י ט ט י ג. (לאכט ביטער אויס) ווער ווייס וואס ס'קען נאך טרעפען ? דאס לעצטע קען גראדע מקוים ווערען. (פלאצט ארויס צארניג) קומט עס אבער דערצו, וועל איך וויכען, ווען איך האב עס צו פערדאנקען, וועל איך וויסען, ווער עס האט מיך בערעט ביי דיא פאבריקאנטען און ביי דיא הערשאפטען, און מיך פערשווארצט און פערלוימדעט, אז איך בעקום ניט א שטאך ארבייט מעהר — ווער עס האט אויפגעהעצט געגען מיר דיא פויערען און דעם מילנער, אז איך קריג ניט דיא גאנצע וואך א פערד צו קאווען, אדער א רייף אויף א ראד אנצושלאגען. איך ווייס ווער דאס איז. איך האב דיעזע נידערטרעכטיגע קאנאליע א מאל פון פערד אראבגעשלעפט, ווייל ער האט געשלאגען א קליין נאריש אינגעל מיט א ראפניק פאר עטליכע גרינע בירנעס. און איך זאג דיר, דו קענסט מיך, ברייגנסטו מיך אין תפיסה אריין, דאן מעגסטו באלד שרייבען דיין צוואה. לאמיך נור עטוואס דאפון הערען. כאפ איך וואס ס'וועט מיר נור קומען אונטער דיא האנד, א פאדקאווע צו א האממער, א שפיצע פון א ראד צו א'ן עמער, און זוך דיך אויף. און ווען איך זאל דיך אפילו דארפען ארויסנעהמען פון בעט, פון דיין ווייב אוועק, שלעפ איך דיך 'רויס און צושפאלט דיר דעם קאפ, אז ניט זאל מיין נאמען ניט זיין וויטטיג. (ער איז אויפגעשפרונגען און וויל זיך א ווארף טאן אויף קוטשע.)

א ל ט ע א ו ן י ו נ ג ע ו ו ע ב ע ר. (האלטען איהם צוריק) וויטטיג, וויטטיג, האב דאך פערשטאנד

ק ו ט ש ע. (האט זיך ניט ווילענדיג אויפגעהויבען. זיין געזיכט איז בלאס, ער רוקט זיך צו צו דיא טהיר. וואס נעהנטער ער קומט צו דיא טיהר, אלץ מוטהיגער ווערט ער. דיא לעצטע ווערטער רעט ער שוין אויף דיא שוועל און פערשווינדעט באלד) וואס ווילסטו פון מיר ? מיט דיר האב איך קיינע עסקים ניט. איך דארף ריידען מיט דיא וועבער. דיר האב איך גאר נישט, נישט גע-



טאן. דו געהסט מיך ניט אן. אייך וועבער אבער, האב איך וואס צו זאגען : דער הער פאליציי-פערוואלטער האט אייך פערבאטען צו זינגען דאס ליעד — דאס דרייסיגער ליעד, צו וויא עס הייסט דארט. און ווען דאס געזיינגעריי אויף דער גאס וועט ניט אויפהערען, דאן וועט ער שוין זארגען דאפיער, איהר זאלט זיך קענען אויסריהען אין דיא הויכע פענסטער. דארטען וועט איהר קענען זינגען אויף וואסער און ברויט, וויא לאנג אייך וועט זיך גליסטען. (אב.)

י ו י ט ט י ג. (שרייט איהם נאך) ער האט אונז גאר ניט צו פערביטען, ווען מיר זאלען אפילו ברילען ביז דיא פענסטער וועלען איינפאלען ; ווען מען זאל אונז אפילו הערען אין רייכענבאך ; ווען מיר זאלען אפילו זינגען ביז דיא הייזער וועלען איינפאלען אויף דיא פאבריקאנטענס קעפ, און ביי אלע פערוואלטער וועלען דיא היטלען אויפ'ן קאפ טאנצען, דאס איז ניט קיינעמ'ס דאגה.

ב ע ק ע ר. (איז דערווייל אויפגעשטאנען, האט מיט דיא האנד געגעבען דעם צייכען צו זינגען, און פאנגט אליין אן מיט אלע איבריגע.)

מיר האבען דא אזא געריכט,
נאך ווילדער וויא אין סדום,
און ווען מען פאלט צו איהם אריין,
דאן איז עס וויא אין תהום.

(דער ווירטה וויל זיי בערוהיגען, קיינער הערט איהם אבער ניט. וויעגאנד האלט זיך צו דיא אויערען און לויפט ארויס. דיא וועבער הייבען זיך אויף און געהן נאך וויטטיג'ן און בעקער'ן, וועלכע האבען געגעבען דעם צייכען, זינגענדיג.)

דער מענש ווערט לאנגזאם דא געקוועלט,
דא איז דיא מארטער-קאמער,
דא ווערען זיפצען פיעל געציילט.
אלס עדות פון דעם יאמער.
איהר שורקען אלל', איהר שטנ'ס בלוט,
דעם טייוועל'ס וואהרע קינדער,

איהר פרעסט דעם קבצנ'ס האָב און גוטס,
אָה, ווערט פערפלוכט אצינדער !
(דיא גרעסטע צאָהל וועבער זינגען דעם פאָלגענדען פערז שוין
אויף דרויסען, נור איניגע יונגע וועבער זיינען נאָך אין שטוב און
בעצאהלען. ביי דיא ענדע פון דעם נעקסטען סטראָף איז שוין קיינער
נים אין שטוב אויסער וועלצעל, זיין פרוי, זיין טאָכטער, האָרניג און
דער אַלטער באומערט.)
איהר שורקען, אַלל, איהר סאטאנסברוהט !
איהר העללישע קאַיאָנע !
איהר פרעסט דער אָרמען האב און גוט
אונד פלוך ווירד אייך צום לאָהנע.
וועלצעל. (רוימט זיך גלאסען אראָב פון טיש דיא גלע־
זער.) היינט זיינען זיי גאָר משוגע.
דער אַלטער באומערט. (וויל אוועק געהן).
האָרניג. זאָג מיר, באומערט, איך בעט דיך, וואָס
טהוט זיך'ס דאָ אָב ?
דער אַלטער באומערט. צו דרייסיגר'ן ווילען
זיי געהן, זיי ווילען ער זאָל זיי דערלייגען צו דיא שכירות.
וועלצעל. און דו מאכסט זיך אויך משוגע ?
דער אַלטער באומערט. פערשטייסטו מיך,
וועלצעל, ווענען מיר האנדעלט עס זיך נים. א יונגער קען, און
א'ן אלטער מוז. (א ביסעל אין פערלעגענהיים)
האָרניג. (הייבט זיך אויף) עס ועט זיין א וואונדער
ווען פון דעם וועט זיך אויסלאָזען עפעס גוטעס.
וועלצעל. ווילען דיא אַלטע זדעכלאקעס טאקע
אין גאנצען פערליערען דעם פערשטאנד ?
האָרניג. יעדען מענש בענקט זיך נאָך עטוואס.

ענדע פון דריטען אקט.



## פערזאָנען אין פיערטען אקט :

בעקער. — פרוי דרייסינגער.
מאָריטין אגער. — בעטטעלהוי, פאַסטאָר.
דער אַלטער באומערט. — פרוי דרייסינגער.
דרייסינגער. — ווײנהאָלד, קאַנדידאַט אויף פאַסטאָר,
פייפער, — הויזלעהרער ביי דרייסיגער.
וויטטיג. — היידער, פאָליציי־פערוואַלטער.
קוטשע. — בוטשער, יאָהאַן.
יונגע און אַלטע וועבער און וועבער־פרויען

## פיערטער אַקט.

פעטערסוואלד. — פריוואט צימער פון דעם באַרכענט פאבריקאנט דרייסיגער. דאָס צימער איז זעהר רייך און מיט לוקסוס אויסגעשטאַטעט. דער סופיט, דער אויוועז און דיא טיהרען זיינען וויים ; דיא טאפעטען זיינען מיט גראדע ליניעס, דורכגעווארפען מיט קליינע בלימעלעך אין א בלוי־גראען טאָן. דאצו קומט רויט איבערגעצויגענע פיין געבעטע מעבעל פון מאהאָניע האָלץ, רייך פערציערט מיט שיינע שניצעריי ; דיא שאַפעס און דיא שטוהלען זיינען פון דעם זעלבען מאַטעריאל, אויסגעשטעלט אויף דעם פאלגענדען אופן : רעכטס צווישען צוויי פענסטער, מיט פיינע רויטע גארדינען שטעהט דער שרייב טיש, מיט א'ן אראפגעלאָזענע קלאפע פון פאָרענט — אַנטקעגען דעם שרייב טיש א סאָפע ; נים וויים אוועק אַ'ן אייזערנע קאססע, פאר דיא סאָפע א טיש, בענקלעך און שטוהלען, — ביי דער הינטער וואנד א שאפקעלע פאר געוועהר; אָרום דיא וועגד העגגען שלעכטע בילדער אין געגילטע רעמען. איבער דער סאָפע העגגט איין שפיעגעל און א שטאַרק געגילטע רעם, געשניצט אין ראָקאָקאָ סטיל. לינקס פיהרט א'ן איינפאכע טהיר אויף דעם הויף ארווס, אַ צווייטע טהיר, שטעהט אפען, פיהרט אין דעם פול געפאקטען

סאַלאָן אריין. אינעווענינ זעהט מען צוויי דאמען, מאַדאַם דרייסיגער און מאַדאַם קיטטעלהויז, דעם פּאַסטאָר'ס פרוי, איבערקוקענדיג בילדער.— ווייטער איז'ם סאַלאָן. דער פּאַסטאָר קיטטעלהויז, ריידענדיג מיט דעם קאַנדידאַט און הויז־לעהרער ווייגהאַלד.

---

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (איין קליין פריינדליך מענשעל, געהט בּמנוחה'דיג אַריין אין פּאָדערצימער, רייכערנדיג אַ ציגאַר, און פּלוידערט מיט ווייגהאָלד, וועלכער רייכערט אויך; דאָרט קוקט ער זיך אַרום און, ניט זעהענדיג קיינעם, שאָקעלט ער מיט דעם קאָפּ). עס איז זיך גאָר ניט צו וואונדערען הערר קאַנדידאַט: איהר זייט נאָך יונג. אין אייערע יאהרען, האָבען מיר אַלטע געהאט — איך וויל ניט זאָגען דיא זעלבע אַנזיכטען, אָבער דאָך עהנליכע. עהנליכע יערענפאלס. עס איז זעהר שעהן מיט דיא יונגע יאהרען — מיט דיא אַלע שעהנע אידעאַלען, הערר קאַנדידאַט. ליידער אָבער זיינען זיי נור פארביילויפיג, פארביילויפיג וויא דיא זון אין אַפּריל חודש. קומט פריהער אין מיינע יאהרען. ווען מען האָט דרייסיג יאָהר לאַנג, צוויי און פופציג מאָל יעדעס יאָהר — אויסער יום־טובים — פון דעם בעלעמער אַראָב גערעט, דאן איז מען נויטווענדיגערווייזע רוהיגער געוואָרען. געדענקט מיינע רייד, ווען איהר וועט אַמאָל אזוי ווייט האַלטען וויא איך, הערר קאַנדידאַט.

ו ו י י נ ה אָ ל ד. (ניינצעהן יאָהריגער יונגער מאַן, בּלייך, מאגער, אַ'ן אויסגעצויגענער מיט גלאטע, לאנגע בלאָנד האָר, ער איז זעהר אונרוהיג און נערוועז אין זיינע בּעוועגונגען.) מיט אַלע אַכטונג און רעספּעקט צו אייך, הערר פּאַסטאָר.... איך ווייס דאָך ניט.... עס איז פאָרט דאָ אַ גרויסער אונטערשיעד אין דיא נאַטורען.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ליעבער הערר קאַנדידאַט, איהר מעגט זיך זיין נאָך אזא אונרוהיגער נאַטור — (מיט פּאָרוווירפע) — און דאָס זייט איהר — איהר מעגט זיך, איך ווייס ניט וויא שטאַרק און—ניט פּאַסיג אַרויס טרעטען געגען דיא יעצטיגע פערהעלטניסע. דאָס ענדערט זיך אַלעס. יאָ, יאָ, איך בּין מודה, אז צווישען אונזערע



קאָלעגען געפינען זיך אזעלכע, וועלכע, שוין גראדע ניט אין דיא יונגע יאָהרען, בּעגעהן נאָך יונגלערישע נאַרישקייטען. איינער פּרעדיגט געגען בּראַנפען און גרינדעט חברות געגען שכרות, אַ צווייטער פערפאסט אויפרופע, וועלכע זיינען אָהן צווייפעל זעהר ריהרענד ביים לייענען. אָבער וואס געווינט ער דערמיט? דיא נויטה, וויא זיא איז פאַראַן צווישען דיא וועבער, ווערט ניט פערקלענערט. דער סאָציאַלער פרידען אָבער ווערט אונטערגעגראָבען; ניין, ניין, דאָ מעג מען ווירקליך זאגען: שוסטער, האַלט זיך ביי דיינע דראַטוועס, נשמה פערזארגער, ווער ניט קיין מאָגען פערזארגער. פּרעדיג גאָט'ס וואָרט, און פּאַר דעם איבריגען לאָז דעם זאָרגען וועלכער גרייט אָן שפּייז און אַ בעט פאר דיא פייגעל, און לאָזט דיא בלום אויפ'ן פעלד ניט פערטריקענט ווערען. — איך וואָלט ווירקליך וועלען וויסען וואו איז דאָס אונזער ליעבער ווירטה מיט אַ מאָל אַהינגעקומען.

פ ר ו י ד ר י י ס י ג ע ר. (קומט אריין אין פאדער צוממער. דעם פּאַסטאָרס ווייב געהט איהר נאָך. זיא איז אַ דרייסיג יעהריגע חיבשע פרוי. מען בעמערקט אַ ווידערשפּרוך צווישען איהר ריידען און בּענעהמען און איהרע רייכע קליידער) זיא האָבען גאַנץ רעכט הערר פּאַסטאָר. ווילהעלם טהוט אימּמער אזוי. ווען ס'פאַלט איהם עפּעס איין, לויפט ער באַלד אַרויס און לאָזט מיך זיצען. איך האָב'ס שוין וויפיעל מאָל איבערגערעט. אָבער עס העלפט ניט קיין ריידען.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ליעבע גנעדיגע פרוי, ער איז דאָך אַ געשעפטסמאַן.

ו ו י י נ ה אָ ל ד. אויב איך האָב קיין טעות, איז אונטען עטוואָס פאָרגעקומען.

ד ר י י ס י ג ע ר. (קומט, סאָפּעט אויפגערעגט.) נו, ראָזא, איז דיא קאַווע אויפ'ן טיש?

פ ר ו י ד ר י י ס י ג ע ר. (אָנגעבלאָזען) דו מוזט אימּמער ארומלויפען.

ד ר י י ס י ג ע ר. (מיט אַ בייזער) אָך, וואס ווייסט דו!

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ענטשולדיגען זיא, האָבען זיא געהאט פערדרוס, הערר דרייסיגער?

ד ר י י ס י ג ע ר. דאָס האָב איך יעדען גאָט'ס טאָג, הערר

פאַסטאָר. צו דעם בין איך שוין געוואָהנט. נו, ראָזאַ? ווערסט דו זעהן צו דיא קאַווע?

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (געהט בייז און ציהט האַסטיג עט־ליכע מאָל ביי דיא ברייטע גלאָק שנור.)

ד ר י י ס י נ ג ע ר. אַט אַצינד, (געהט עטליכע מאָל הין און צוריק) הערר קאַנדידאַט, וואָלט איך אייך געוואונשען: דאַביי צו זיין. דאָ וואָלט איהר עטוואס געקענט זעהען. איבריגענס... קומט, לאָמיר זיך נעהמען צו אונזער וועהסט.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. יאַ, יאַ, און נאָך אַמאָל יאַ! שאָקעלט אָב דעם שטויב פון דעם טאָג, און ווארפט אראָב דעם לאַסט פון די פלייצעס און געהערט אונז.

ד ר י י ס י נ ג ע ר. (איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, רוקט אַוועק אַ פאָרהאַנג און קוקט אַרויס. ניט ווילענדיג.) באַנדרע!!! — קום נור אהער, ראָזאַ! (זיא קומט) זאָג נור... דיזער לאַנגער מענש מיט די רויטע האָאַר דאָרט.....!

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. דאָס איז דער זאָגענאַנטער רויטהער בעקער.

ד ר י י ס י נ ג ע ר. נו, זאָג, איז דאָס אפשר דער זעלבער, וואָס האָט דיך מיט צוויי טאָג צוריק בעליידיגט. דו געדענקסט דאָך וואָס דו האָסט מיר געזאגט, ווען יאָהאַן האָט דיר געהאָלפען אריינזעצען זיך אין דיא קאַרעטע.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (פערקרימט דאָס מויל) איך ווייס שוין אליין ניט.

ד ר י י ס י נ ג ע ר. הער דאָך אויף צו זיין ברוגז יעצט, איך מוז עס וויסען. איך בין שוין מיעד פון דיזע פרעכהייטען, אויב עס איז דער, וועל איך זיך מיט איהם באַלד אָברעכענען. (עס הערט זיך זינגען דאָס וועבער־ליעד) נו, הערט, הערט בלויז!

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (צאָרניג) ווערט דאָס גאָר ניט נעמען קיין סוף צו דיעזע רשעות? נו, מוז איך שוין זאָגען: עס איז צייט דיא פאָליציי זאָל זיך אריינמישען. לאָזט דאָך מיר אַמאָל! (ער געהט צו צום פענסטער) נו זעהט דאָך, הערר ווײנהאָלד! דאָס זיינען ניט בלויז יונגע לייט, אלטע, געזעצטע וועבער לויפען אויך



מיט דער מאַססע. מענשען, וועלכע איך האָב יאָהרען לאַנג געהאַל־טען פיר אָרענטליך און גאָטספורכטיג. זיי לויפען מיט. זיי בעטהייי־ליגען זיך אין דיזען אַנגעהערטען רשעות, זיי טרעטען גאָט'ס געזעץ מיט דיא פיס. ווילט איהר נאָך אפשר פערטהיידיגען דיזע לייט?

ו ו י י נ ה אָ ל ד. געוויס ניט, הערר פאַסטאָר. דאָס הייסט, הערר פאַסטאָר.... דאָס זיינען הונגעריגע, אונוויסענדע מענשען, זיי דריקען אויס זייער אונצופריעדענהייט אַזוי וויא זיי פער־שטעהען, איך ערוואַרטע גאָר ניט, אַז אַזעלכע לייטע....

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (קליין, מאָגער, געל, זעהט מעהר אויס וויא א'ן אלטע מויד אלס פרוי.) הערר ווײנהאָלד, הערר וויינ־האָלד! אָבער איך בעט אייך!

ד ר י י ס י נ ג ע ר. הערר קאַנדידאַט, איך בעדויער זעהר.... איך האָב אייך ניט גענומען אין מיין הויז אריין, איהר זאָלט מיר האַלטען דרשות איבער מענשליכקייט. איך מוז אייך בעטען, איהר זאָלט זיך נור בעשעפטיגען מיט דיא ערציהונג פון מיינע קינדער. אלע אַנדערע אַנגעלעגענהייטען מיר איבער צו לאָזען, מיר אליין. פערשטעהט איהר מיך?

ו ו י י נ ה אָ ל ד. (שטעהט אַ מינוט שטאַר און טויט בלאַס, דאַן פערבויגט ער זיך מיט אַ געמאַכטען געלעכטער. שטיל.) געוויס, געוויס, איך פערשטיי אייך גוט. איך האָב זיך גערעכט דאַרויף, ס'איז פונקט וויא איך ווינש. (געהט אָב.)

ד ר י י ס י נ ג ע ר. (ברוטאַל) אויב אַזוי, זאָלט איהר שוין געהן, מיר דאַרפען דאָס צימּמער.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. אָבער ווילהעלם, ווילהעלם!

ד ר י י ס י נ ג ע ר. ביזט דו ביים פערשטאַנד, צו ניט? דו ווילסט זיך אָננעמען פאַר אַ מענשען, וואָס פערטהיידיגט אַזעלכע גראָבקייט און נידערטרעכטיגקייט וויא דיעזעס שענדליכע ליעד.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. אָבער מאַנעלע, מאַנעל, ער האָט עס דאָך גאָר ניט.....

ד ר י י ס י נ ג ע ר. הערר פאַסטאָר, האָט ער עס פערטהייי־דיגט, אָדער האָט ער עס ניט פערטהיידיגט?

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. הערר דרייסיגער, מען מוז איהם זוכען א זכות צוליעב זיין יוגענד.

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. איך ווייס גאר ניט, דער יונגער מענש קומט פון אזא פיינע און געאכטעטע פאמיליע, זיין פאטער איז פערציג יאהר לאנג געווען א בעאמטער און מען האט קיין מאל אויף איהם דיא קלענסטע פגימה ניט געפונען. זיין מוטער האט זיך געשעצט גליקליך, וואס ער האט געקריגען אזא פיינע שטעלע, נו, ווייס ער עס אבער ניט וויא צו שעצען.

פ י י פ ע ר. (רייסט אויף דיא טיהר פון הויף, שרייט אריין) הערר דרייסיגער, הערר דרייסיגער! זיי האבען איהם געפאקט, זיא מעכטען ארויסקומען, זיי האבען איינעם געפאקט.

ד ר י י ס י ג ע ר. (האסטיג). איז ווער געגאנגען צו דער פאליציי?

פ י י פ ע ר. דער הערר פערוואלטער איז שוין אויף דיא טרעפ, ער קומט באלד ארויף.

ד ר י י ס י נ ע ר. (אין דער טיהר) ערגעבענער דיענער, הערר פערוואלטער! עס פרייט מיך דאס איהר זיינט געקומען.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (ווינקט צו דיא דאמען מיט דיא הענד ארויסצוגעהן, ער, זיינע פרוי און פרוי דרייסיגער פערשווינדען אין דעם סאלאן.)

ד ר י י ס י נ ע ר. (זעהר אויפגערעגט, צו דעם פאליציי פערוואלטער, וועלכער איז דערווייל אריינגעקומען.) הערר פערוואלטער, מיינע פערבער האבען ענדליך געפאקט איינעם פון דיא הויפטזינגער. איך האב עס שוין ניט געקענט אויסהאלטען, זייער פרעכהייט שטייגט איבער אלע גרענעצען, ס'איז ניט צום אויסהאלטען, איך האב געסט, און דיא ליידאקעס האבען דיא חוצפה.... זיי בעליידיגען מיין פרוי וויא זיי דערזעהן איהר נור, מיינע קינדער זיינען ניט זיכער מיט'ן לעבען. איך האב מורא, זיי וועלען מיינע געסט בעפאלען. איך פערזיכער אייך, ווען עס איז מעגליך, אז אין א ריכטיג איינגעארדענטע געמיינדע, זאלען געלאסענע מענשען וויא איך און מיין פאמיליע, אונאויפהער עפענטליך בעשמוצט ווערען.... דאן.... דאן,



האב איך, איך מוז עס בעדויערן, גאנץ אנדערע בעגריפע פון רעכט און זיטליכקייט.

פ א ל י צ י י־פ ע ר ו וא ל ט ע ר. (א'ן אונגעפער פופציגיעהריגער מאן, מיטעל גרויס, פולבלוטיג, ער טראגט א קאוועלירסקי מונדיר מיט א שווערד וואס שלעפט זיך נאך און שפארען) געוויס ניט... ניין.... נעוויס ניט, הערר דרייסיגער! — שאפט זיך מיט מיר. בערוהיגט זיך נור, איך שטעה אין גאנצען אייך צו דיענען. גוט ס'האט זיך אזוי געמאכט.... מיר איז אפילו גאנץ ליעב וואס איהר האט איינעם פון דיא הויפט שרייער פעסטגענומען, איך בין זעהר צופריעדען וואס עס וועט ענדליך אמאל קומען צו א קלאפ. דיא עטליכע פריעדענשטערער וואס זיינען דא פאראן, האב איך שוין לאנג אויפ'ן אויג.

ד ר י י ס י נ ע ר. גאנץ ריכטיג, א פאר סמארקאטע איינגלעך, האבען מורא צו ארבייטען, פוילע הינד, פיהרען אן אויסגעלאסען לעבען, שלעפען זיך ארום גאנצע טעג אין דיא שענקען ביז דער לעצטער גראשען לויפט זיי דורך דעם גארגעל. אבער יעצט האב איך זיך פעסט גענומען. איך וועל זיי דיזע גרויסע פיסקעס פערשטאפען, פאלשטענדיג. עס איז א טובת הכלל, ניט נור מיין אייגענע טובה.

פ א ל י צ י י פ ע ר ו וא ל ט ע ר. ניט אנדערש! ניט אנדערש, הערר דרייסיגער, דאס קען אייך קיין מענש ניט פערדענקען, און וויפיעל עס ליעגט אין מיינע קרעפטען.....

ד ר י י ס י נ ע ר. מען דארף זיי אריינפאהרען מיט א גוטען קאנטשיק, דיזע לומפען באנדע.

פ א ל י צ י י פ ע ר ו וא ל ט ע ר. גאנץ רעכט, גאנץ רעכט. מען דארף זיי ווייזען א ביישפיעל.

ז ש א נ ד א ר ם ק ו ט ש ע. (קומט אריין און שטעלט זיך וויא א סאלדאט. דורך דיא אפענע טהיר הערט זיך דיא טריט פון שווערע פיס, וועלכע קלעטערען ארויף דיא טרעפ.) הערר פערוואלטער, איך מעלדע געהארכזאם: מיר האבען איינעם געכאפט.

ד ר י י ס י נ ע ר. ווילט איהר זעהן דעם מענשען, הערר פאליציי פערוואלטער?

פ אָ ל י צ י י פ ע ר ו ו א ל ט ע ר. געוויס, געוויס, פאר אַלעם, ווילען מיר איהם גאַנץ נאָהענט בעטראַכטען. טהוט מיר דיא טובה, הערר דרייסיגער, און בלייבט גאַנץ רוהיג, איך וועל אייך צור פרידען שטעלען, אז ניט זאָל מיין נאָמען ניט הייסען היידע.

ד ר י י ס י ג ע ר. איך קען מיט דיזען ניט צופריעדען זיין. דיא לייט מוז מען איבערגעבען צום פּראָקוראָר.

י ע נ ע ר. (ווערט געפיהרט פון פינף פערבער־ארבייטער וועמעס הענד און קליידער זיינען איינגעשמיערט אין פארב, נור וואס פון דער אַרבייט. דער געפאַנגענער טראָגט דאָס היטעל אויף אַ זייט, ווייזט אַרויס אַ פרעכע פריוויליכקייט, און צוליעב דעם פריהערדיגען בראַנפען איז ער זעהר אויפגעלעגט.) אַ, איהר פערעכטליכע קערלען! — ארבייטער ווילט איהר זיין? קאמראדען ווילט איהר זיין? אייידער איך וואלט אזעלכעס געטאָן — איידער איך וואלט מיך פערנעהמען אויף מיינעם א חבר, וואָלט איך געמיינט, דיא האַנד וועט מיר פריהער אָבפאַלען! (דער פּערוואַלטער גיט אַ ווינק צו קוטשע, און ער הייסט דיא ארבייטער אראָבנעמען דיא הענד פון יעגער'ן. ער שטייט פריי און פרעך, אַלע טיהרען זיינען איהם אבער פערשטעלט.)

פ אָ ל י צ י י פ ע ר ו ו א ל ט ע ר. (מיט א געשריי) אראָב ס'היטעל, גראָבער יונג! (יעגער נעהמט עס גאַנץ לאַנגזאַם אַראָב, און הערט ניט אויף צו שמייכלען איראָניש.) וויא הייסט דו?

י ע נ ע ר. האָב איך מיט דיר צוזאממען חזירים געפּאַשעט? (דיזעס וואָרט רופט ארויס א בעוועגונג צווישען דיא אַנוועזענדע).

ד ר י י ס י ג ע ר. דאָס איז שטאַרק.

פ אָ ל י צ י י פ ע ר ו ו א ל ט ע ר. (בייט דיא פארב, וויל אַרויספּלאַצען, אבער ער האַלט זיך איין.) דאָס ווערען מיר שוין שפּעטער זעהן. — וויא הייסט דו, פרעג איך דיך? — (אַלס יעגער ענטפערט נים, מיט גוואַלדיגען כעס) רעד הונט, אָדער איך לאָז דיר אריין האַקען פינף און צוואַנציג שטיק.

י ע נ ע ר. (מיט פאָלקאָמענע הייטערקייט, ענטפערט נים אויף דעם בייזען געשריי אפילו מיט אַ רידער, איבער אַלעמענס קעפּ צו דער שעהנער דיענסט מיידעל, וועלכע איז אריין געקומען מיט קאַווע און איז געבליעבען שטעהען פון דיא אונערוואַרטעטע סצענע, מיט איין אָפען



מויל.) נו זאָג דאָך מיר, פלעטבּרעטעל־עמיליא, ביסט דו יעצט ביי דער געזעלשאַפט? זעה דאָך אָוועקצוגעהן אזוי שנעל דו קענסט, דאָ קען אַמאָל פערביי געהן א ווינד, און ער בלאָזט איבער נאַכט אַלץ אַוועק. (דאָס מיידעל גלאָצט אויף יעגער'ן, ווען זיא בעגרייפט, אז דאָס רעדט ער צו איהר, ווערט זיא רויט פון שאַנדע, פערדעקט זיך דיא אויגען מיט דיא הענד און לויפט ארויס איבערלאָזענדיג דאָס געשיר וויא עס שטעהט און געהט. ווידער ווערט א רוך צווישען דיא אַנוועזענדע.)

פ אָ ל י צ י י פ ע ר ו ו א ל ט ע ר. (קען קוים צו זיך קומען. צו דרייסיגער.) וויא אלט איך ביז... אזא אונגעהערטע פרעכהייט איז מיר נאָך.......

י ע ג ע ר. (שפּייט אויס.)

ד ר י י ס י ג ע ר. פּארך, דו ביסט ניט אין קיין חזיר שטאַהל, פערשטייסט?

פ אָ ל י צ י י פ ע ר ו ו א ל ט ע ר. מיין געדולד איז מיר שוין געפּלאַצט. צום לעצטען מאָל: וויא הייסט דו?

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (וועלכער איז דיא גאַנצע צייט געשטאַנען הינטער דיא סאַלאָן־טיהר, וועלכע איז געווען אַביסעל אָפען, און זיך איינגעהאָרכט, קומט ארויס, ציטערנדיג פון אויפרעגונג, זיך אריינצומישען.) ער הייסט יעגער, הערר פערוואַלטער, מאָריטץ... ניט וואהר?.. מאָריטץ יעגער. (צו יעגער'ן) נו, זאָג דאָך, יעגער, — דערקענסט מיך שוין גאָר ניט?

י ע ג ע ר. (ערנסט) איהר זייט פּאַסטאָר קיטטעלהויז.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. יאָ, דער פערזאָרגער פון דיין נשמה, יעגער! דער זעלבער, וועלכער האָט דיך אויפגענומען אין דיא געמיינשאַפט פון דיא הייליגע, ווען דו ביזט נאָך געווען אַ וויקעלקינד. דערזעלבער, פון וועמענס הענד דו האָסט דאס ערשטע מאָל געקריגען דאָס לייב פון אונזער ערלעזער. קענסט דו זיך דאָס ערינערען? איך האָב מיך געמיהט און געמיהט אריין צו ברייננגען אין דיין הערץ גאָט'ס וואָרט. איז דאָס דיין דאַנקבאַרקייט?

י ע ג ע ר. (מיט אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ, וויא א בעשטראַפט חדר אינגעל) איך האָב דאָך ארויפגעלעגט אַ טהאַלער געלד.

קיטטעלהויז. געלד, געלד... רענקסט דו אפשר, אז דאָס פעראַכטעטע, ערבארמליכע געלד... בעהאַלט דיר דיין געלד.... ס'איז מיר פיעל ליעבער.... ס'אַרא נארישקייט דאס איז. זיי בראַוו, זיי א כריסט! נעדענק דעם, ווענמען דו לויבסט, האַלט גאָט'ס געבאָט, זיי גוט און פרום, געלד, געלד....

יענער. איך בין איין קוועיקער, הערר פאַסטאָר, איך גלויב אין קיין זאך ניט מעהר.

קיטטעלהויז. וואס, קוועיקער, רעד דאָך ניט קיין נאַרישקייט! זעה, זיך צו בעסערען און רעד ניט וואס דו פערשטייסט ניט. דאָס זיינען פרומע מענשען, ניט היידאָמאַקעס, וויא דו! וואָס מיר קוועיקער!

פאליציי פערוואלטער. מיט ערלויבניס, הערר פאַסטאָר (ער שטעלט זיך צווישען איהם און יעגער.) קוטשע! בינד איהם דיא הענד!

(אַ געבּרילערײ אין דרויסען: „יעגער! יעגער, זאָל אַרויסקומען“!)

דרייסיגער. (אַביסעל דערשראָקען, וויא אַלע איבריגע, געהט ניט ווילענדיג צו צום פענסטער.) וואס איז דאָס ווידער אַזעלכעס?

פאָליציי פערוואלטער. אַ, איך פערשטיי: דאָס הייסט, זיי ווילען, מען זאָל זיי דעם לומפּ צוריק אַרויסגעבען. דיא טובה וועלען מיר זיי אָבער דאָס מאָל ניט טאָן. איהר פערשטייט, קוטשע? ער מוז ווערען אַריינגעזעצט.

קוטשע. (צעגערנדיג מיט דעם שטריק אין האַנד) מיט רעספּעקט צו מעלדען, הערר פערוואלטער, מיר וועלען דאָ האָבען גרויסע צרות. דאָס איז אַ געמיינע חברה. ריכטיגע באַנדיטען, הערר פערוואלטער, דאָ איז בעקער, דאָ איז דער שמיט.....

קיטטעלהויז. ערלויבען זיא גיטיגסט, — אום ניט אָנצומאַכען נאָך מעהר בייז בלוט, וואָלט ניט גלייכער געווען, הערר פערוואלטער, מיר זאָלען פּרובירען מיט גוטען? פיעלייכט וועט יענער איינוויליגען מיט גוטען מיט צוגעהן צַרער....

פאליציי פערוואלטער. וואס פאלט אייך איין!!



מיין פעראַנטוואָרטליכקייט! אויף דעם קען איך בשום אופן ניט איינוויליגען, פאָרווערטס קוטשע! ניט געבאַלעמוטשעט.

יענער. (לייגט צוזאממען דיא הענד און שטעקט זיי אויס לאַכענדיג.) נור פעסט, פעסט, אזוי פעסט וויא איהר קענט נור. ס'איז דאָך ניט אויף לאַנג. (קוטשע און זיינע חברים בינדען איהם.)

פאליציי פערוואלטער. נו, פאָרוועררטס מאַרש! (צו דרייסיגער) ווען איהר שרעקט זיך, קענט איהר מיר מיט געבען זעכס פערבער, זיי וועלען איהם אריין נעמען אין דערמיט. איך וועל רייטען פאָראויס, און קוטשע וועט נאָכגעהן פון הינטען. ווער סע שטעלט זיך אַנטקעגען, דער ווערט ניעדערשלאָגען.

(פון אונטען הערט זיך א געשריי: „קוקעריקו!! וואו, וואו, וואו“.)

פאָליציי פערוואלטער. (סטראשעט ארויס דורך דעם פענסטער.) כלבים! איך וועל אייך שוין בעקיקעריקיען און בעוואַוואַוען. מאַרש, פאָרווערטס! (ער געהט דער ערשטער ארויס מיט דיא בלאַנקע שווערד, דיא אַנדערע געהן איהם נאָך.)

יעגער. (שרייט ארויסגעהענדיג) דיא גנעדיגע פרוי דרייסיגער מעג זיך מאַכען אזוי גרויס וויא זיא וויל נור, זיא בלייבט דאָך אונזער'ס גלייכען. זיא האָט מיין טאַטען הונדערטע מאָל צוגעטראָגען פאר דריי פעניג שנאַפּס. שוואַדראָן, לינקס שווענקט, מאַרש מאַ—רש! (געהט אָב מיט געלעכטער.)

דרייסיגער. (נאָך איין פּאָוזע, שיינבאַר געלאסען) וויא דענקט איהר, הערר פּאַסטאָר? וועלען מיר טאַקע ניט מאַכען קיין וויהסט היינט? קיין זאך שטערט אונז יעצט ניט מעהר. (ער פערייכערט א ציגאַר, לאַכט קורץ, מיט אַמאָל גיהט ער א לאַך ארויס אויפ'ן קול.) יעצט קומט מיר דיא גאַנצע מעשה אוים קאָמיש. דער קערל! (צולאַכט זיך נערוועז) עס איז דאָך ווירקליך נור צום לאַכען. צו ערשט דיא קריג מיט דעם קאַנדידאַט. זיין אוועקלויפען איבער שטאָק און שטיין פינף מינוט שפּעטער, דאַן ווידער דיא געשיכטע, נו, יעצט לאָמיר ווייטער שפּיעלען אונזער וויהסט.

קיטטעלהויז. יא, אָבער.... (פון אונטען הערט זיך א

ליארם) יאָ אָבער.... ווייסט איהר : דיא לייט מאַכען דאָך אזא שרעקליכען סקאַנדאַל.

ד ר י י ס י ג ע ר. לאָמיר איינפאַך אריינגעהן אין דעם צווייטען צימער, דאָרט שטערט אונז קיינער ניט.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ) איך וואָלט נור וועלען וויסען, וואס איז עפּעס געווארען מיט דיזע מענשען. איך מוז דעם קאַנדידאַט פארט געבען רעכט. ביז ניט לאַנג צוריק וועניגסטענס האָב איך אַלץ געמיינט, אז דיא וועבער זיינען געהאָרכזאַמע, גערולדיגע און ביינזאַמע מענשען. האָט איהר אויך ניט אזוי גערענקט, הערר דרייסיגער ?

ד ר י י ס י ג ע ר. געוויס זיינען זיי געוועזען גערולדיג און ביינזאַם, געוויס זיינען זיי פריהער געוועזען אנשטענדיגע און אָרענטליכע לייט, ביז דיא גרויסע בעלי טובות האָבען זיך ניט אריינגעמישט. ביז מען האָט זיי ניט אריינגעהאַקט אין קאָפּ אריין דיא שרעקליכע נויט אין וועלכע זיי געפינען זיך, בערעכענט נור, דיא אַלע קאָמיטעס און חברות צו פערגרינגערען דיא וועבערס נויט. ביז ענדליך דער וועבער האָט עס אָנגעהויבען צו גלויבען, און מעהר פעהלט איהם ניט. זאָל איהם יעצט איינער פּרובירען צוריק אויפדרייען דעם קאָפּ. אז אָסור. יעצט געהט עס אַ גאַנג, יעצט וועט ער שוין ניט אויפהערען צו מורמען, יעצט פּאַסט איהם שוין ניט דאָס און יענעס, יעצט וואָלט ער שוין וועלען אַלעס זאָל זיין געמאָלען און געבראָטען.

(עס הערט זיך פּלוצלונג א הורא געשריי פון פיעלע שטימען).

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. מיט זייער גאַנצע בעל טובה'ריי האָבען זיי נור אויסגעפיהרט, דאָס לעמער זיינען איבער נאַכט בוכשטעבליך געווארען וועלף.

ד ר י י ס י ג ע ר. אָך וואס ! ווען מען וויל דיא זאַך איבערלייגען, קען פון דעם נאָך גאָר ארויסקומען א טובה. אזעלכע פּאַסירונגען קענען ניט פארבייגעהן אונבעמערקט אין דיא הויכע קרייזען. איז גאַנץ מעגליך, אז מען וועט דאָרט אמאָל קומען צו דיא איבערצייגונג, אז דאָס קען אזוי ווייטער ניט געהן, אז מען מוז עט־



וואס טהון, ווען אונזער היימישע אינדוסטריע זאָל ניט געהן אין גאַנצען צו גרונד.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. וואס איז טאַקי דיא אורזאַכע וואס אַלעס איז אזוי געפאַלען ? זאָגט איך בעט אייך.

ד ר י י ס י ג ע ר. אויסלאַנד האָט זיך געגען אונז פארבאַרעקאַדירט מיט א הויכען צאָלל. זיינען אונז דאָרט דיא בעסטע מערק אָבגעשניטען געוואָרען, אין אינלאַנד מוזען מיר אויך קאָנקורירען אויף טויט און אויף לעבען. מיר זיינען געבונדענע, פאַלשטענדיג געבונדען.

פ י י פ ע ר. (פאלט אריין אָהן אַ'ן אָטהעם און בלאַס) הערר דרייסיגער, הערר דרייסיגער !

ד ר י י ס י ג ע ר. (שטעהט אין דיא סאַלאָן טהיר אריינצוגעהן, דרעהט זיך אוים בייז.) נו, פייפער, וואָס איז שוין ווידער געשעהן ?

פ י י פ ע ר. נעע.. נעע... נו פרעגט שוין בעסער גאָר ניט !

ד ר י י ס י ג ע ר. וואס איז דען געשעהען ?

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. איהר מאַכט אָז שרעק, זאָגט וואס איז געשעהען !

פ י י פ ע ר. (נאָך אַלץ ניט צו זיך געקומען) נו, יא, לאָזט מיך שוין צופריעדען. אזוי וואס ! נעע אזוי וואס אָבער ! דיא בעאַמטע.... נו, זיי וועט שוין גוט געהן.

ד ר י י ס י ג ע ר. צום טייוועל, וואסער אומגליק איז דאָס דיר געשעהען ? האָט ווער דעם קאָפּ געבראָכען ?

פ י י פ ע ר. (כמעט וויינענדיג פאר שרעק, שרייט אוים) זיי האָבען בעפרייט מאָריטץ יעגער, דעם פערוואַלטער געשלאָגען און אוועקגעטריעבען, דעם זשאַנדאַרם געשלאָגען און פערטריבען, אָהן דיא קאַסקע, דיא שווערד צובראָכען.... נעע, נעע !

ד ר י י ס י ג ע ר. דוא מוזט זיין שיכור, פייפער.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. דאָס וואלט דאָך איינפאַך געוועזען א רעוואָלוציע.

פ י י פ ע ר. (זיצט אויף איין שטוהל, ציטערנדיג מיט'ן גאַנצען לייב פאר שרעק.) הערר דרייסיגער, ס'ווערט ערענסט ! הערר דרייסיגער, ס'ווערט ערענסט !

ד ר י י ס י נ ג ע ר. נו, קען מיר אָבער דיא גאַנצע פּאָליציי...

פ י י פ ע ר. הערר דרייסינגער, ס'ווערט ערענסט!

ד ר י י ס י נ ג ע ר. האַלט דאָך ס'מויל, פייפער! צו אַלדע טייוועל!

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (קוממט אריין פון סאַלאָן מיט דעם פּאסטאָר'ס ווייב.) אַך, דאָס איז דאָך גאָר ניט צום אויסהאַלטען וויל־העלם, דעם גאַנצען אבענד האָבען זיי אונז קאַליע געמאַכט. דאָ האָסט דו, יעצט וויל מאַדאַם קיטטעלהויז גאָר אין גאַנצען אהיים געהן.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ליעבע, גנעדיגע פרוי דרייסיגער, דאָס איז אפשר היינט דאָס בעסטע, וואס מען קען טאָן.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. אָבער דו, ווילהעלם, זאָלסט דאָך דיא חברה איין מאָל פיר אַלע מאָל גוט אָנלערנען.

ד ר י י ס י נ ג ע ר. געה דו דאָך און זאג'ס זיי. געה דו דאָך! (שטעלט זיך אַוועק פאר דעם פּאסטאָר.) בין איך דען איין טיראַן? בין איך דען א מענשען שינדער?

ק ו ט ש ע ר י אָ ה א ן. (קוממט אַריין) גנעדיגע פרוי, איך האָב דערווייל איינגעשפּאַנט דיא פערד. יאָרגעל און קאַרל'ען האָט דער הערר קאַנדידאַט שוין אריינגעזעצט אין וועגעל. אז ס'וועט ווערען גאָר שלעכט, פאָהרען מיר אוועק.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. יאָ, וואס זאָל דען ווערען גאָר שלעכט?

י אָ ה א ן. איך וויים אַליין ניט. איך מיין נור אַזוי! ס'ווע־רען אַלץ מעהר מענשען, זיי האָבען דאָך דעם פערוואַלטער און דיא זשענדארמען פערייאָגט.

פ י י פ ע ר. ס'ווערט ערענסט, הערר דרייסינגער, ס'ווערט ערענסט הערר דרייסינגער.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (קריגט וואס אַמאָל מעהר מורא) וואס וועט דען ווערען? — וואס ווילען דיא מענשען? — זיי קע־נען דאָך אונז ניט בעפאַלען, יאָהאַן?

י אָ ה א ן. מאַדאַם, בייזע הינד זיינען דאָ צווישען זיי.

פ י י פ ע ר. ס'ווערט ערנסט, ביטט'רער ערנסט.



ד ר י י ס י נ ג ע ר. האַלט דיא מאָרדע, אייזעל! איז דיא טיהר פערריגעלט?

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. טהוט מיר דעם געפאַלען... טהוט מיר דעם געפאַלען.... איך האָב זיך ענטשלאָסען... טהוט מיר דעם געפא־לען.... (צו יאָהאַן) וואס פערלאַנגען דיא מענשען?

י אָ ה א ן. (אין פערלעגענהייט) זיי ווילען מעהר שכירות, די נארישע בהמות.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. גוט, שעהן! — איך וועל ארויסגעהן און ערפילען מיין פפליכט. איך וועל מיט דיא לייט רעדען ערענסט.

י אָ ה א ן. הער פּאסטאָר, הערר פּאסטאָר! לאָזט דאָס געהן, דאָ איז יעדעס וואָרט ארויסגעוואָרפען.

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ליעבער הערר דרייסיגער, נאָך איין וואָרט. איך בעט אייך: שטעלט אוועק מענשען הינטער דיא טיהר און פערריגעלט זיא באַלד נאָך מיין אוועקגעהן.

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ווילסט דו דאָס טאַקי, יאָזעף?

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. איך וויל עס, איך וויל עס, איך וויים וואס איך טהו, זאָרג זיך ניט, גאָט וועט מיך בעשיטצען.

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (דריקט איהם דיא האַנד, רוקט זיך אָב אין ווישט זיך דיא טרעהרען פון דיא אויגען.)

ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (דיא גאַנצע צייט הערט זיך פון אונטען ארויף דאָס דומפּיגע געשריי פון איין גרויסע מאַססע מענשען.) איך וועל מיך מאַכען... איך וועל מיך מאַכען, אזוי וויא איך וואָלט זיך רוהיג אהיים געגאַנגען, איך וויל דאָך זעהן, צו מיין אַמט אלס גייסט־ליכער.... צו האָב איך שוין ניט אזוי פיעל רעספּעקט ביי דיא לייט.... איך וויל דאָך זעהן... (ער נעמט דעם הוט מיט דעם שטעקען) פאָרווערטס, אַלזאָ, אום גאָטס נאָמען, (ער געהט אָפּ, בעגלייט פון דרייסיגער, פייפער און יאָהאַן.)

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ליעבע פרוי דרייסיגער. (זיא ברעכט אויס אין געוויין און נעמט זיא ארום דעם האַלדז.) עס זאָל איהם נור ניט געשעהן קיין אונגליק!

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (וויא צומישט) איך וויים גאָר ניט, פרוי פּאסטאָרען, מיר איז עפּעס אזוי... איך וויים גאָר ניט

וויא מיר אין צו געמיטה. זא וואס איז דאך עפעס גאר אונמעגליך אויף דער וועלט, ווען דאס איז אזוי... דאס איז דאך אקוראט וויא עס וואלט געווען א פערברעכען צו זיין רייך. זעהן זיא דאך, ווען מען זאל דאס מיר פריהער געזאגט, איך ווייס ניט, פרוי פאסטארען, איך וואלט שוין ליעבער געבליבען, וויא איך בין געווען פריהער.

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. ליעבע פרוי דרייסיגער, אי: יעדען גראד, איז דא גענוג טוישונג און ערגערנים.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. נו געווים, געווים, איך דענק מיר דאס אויך אזוי. און אז מיר האבען אביסעל מעהר וויא אנדערע... גרויסער גאט, מיר האבען עס דאך אויך ניט גע'גנב'עט. יעדער גראשען און יעדער פעניג איז דאך פערדיענט געווארען אויף דעם עהרליכען וועג. אזוי וואס איז דאך גאר אונמעגליך אויף דער וועלט, זיי זאלען אונז בעפאלען. איז דען מיין מאן שולדיג, אז דיא געשעפטען געהען שלעכט? (פון אונטען ארויף, קומט אלץ דער ליארם. וועהרענד דיא צוויי פרויען קוקען זיך אן אייג'ס ס'אנדערע בלאס און דערשראקען, לויפט דרייסיגער אריין.)

ד ר י י ס י נ ג ע ר. ראזא, ווארף אויף זיך עפעס ארויף און שפרינג אריין אין וואגען; איך קום גלייך נאך! (ערווארפט זיך צו דיא קאססע, שליסט איהר אויף און נעהמט ארויס פערשיעדענע זאכען.)

י א ה א ן. (קומט) אלעס איז פערטיג. נו, שנעל, איידער זיי האבען פערנומען דאס הינטער טהויער.

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (בעפאלען פון שרעק ווארפט זיך יאהאן'ען אויף דעם האלדז) יאהאן, ליעבסטער, בעסטער יאהאן! ראטעווע אונז, גוטער, גוטער, בעסטער יאהאן! ראטעווע מיינע קינדער, אך, אך...

ד ר י י ס י נ ג ע ר. האב דאך פערשטאנד! לאז דאך דעם יאהאן צופריעדען.

י א ה א ן. מאדאם, מאדאם! זייט דאך גאנץ בערוהיגט. אונזער נעסט קען קיינער ניט איינהאלטען. ווער עס שטעלט זיך אין וועג ווערט איבערגעפאהרען (אב).

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. (ווייס זיך ניט קיין עצה צו



געבען פון שרעק) אבער מיין מאן? אבער... אבער מיין מאן? אבער, הערר דרייסיגער, מיין מאן?

ד ר י יס י נ ג ע ר. פרוי פאסטאר, פרוי פאסטאר, ער איז געזונד, בערוהיגט זיך דאך, ער איז געזונד.

פ ר ו י ק י ט ט ע ל ה ו י ז. איהם איז א'ן אומגליק געשעהען. איהר ווילט'ס מיר ניט זאגען, איהר ווילט'ס מיר ניט זאגען.

ד ר י י ס י נ ג ע ר. א האט ניט קיין צרות. זיי וועלען חרטה האבען ד'רויף. איך ווייס בעשטימט וועמעס הענד דאס זיינען געווען. אזא'ן אונגעהערטע און אונפערשעמטע פרעכהייט, בלייבט קיין מאל ניט אונבעצאהלט. א קהל וואס פאלט אן אויף איהר נשמה פערזארגער. טפוי, טייוועל! משוגענע הינד, ווייטער ניט, ווילדע חיות וואס זיינען משוגע געווארען, וועלכע מען וועט בעלוינען וויא זיי האבען פערדיענט. (צו פרוי דרייסיגער, וועלכע שטעהט וויא בעטויבט) נו, געה דאך און ריהר זיך! (מען הערט האקען אין די טהיר) הערסט דען ניט דאס פעבעל איז אראב פון זינען. (מען הערט דאס בראזגען פון צובראכענע שויבען) דאס געזינדעל האט זון־שטיך. אונז בלייבט מעהר ניט איבריג וויא צו אנטלויפען. (עס הערט זיך געשרייען: „עקספעדיטער פייפער זאל ארויסקומען; — עקספעדיטער פייפער זאל ארויסקומען!“)

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. פייפער, פייפער, זיי ווילען ער זאל ארויסקומען.

פ י יפ ע ר. (פאלט אריין) הערר דרייסינגער, זיי זיינען שוין ביים הינטער־טויהר. דיא טיהר וועט ניט אויסהאלטען קיין דריי מינוטען. וויטטיג דער שמיד האקט מיט א'ן עמער וויא א משוגע'נער (פון אונטען הערט זיך אלץ דייטליכער: עקספעדיטער פייפער זאל ארויסקומען! — עקספעדיטער פייפער זאל ארויסקומען!)

פ ר ו י ד ר י י ס י נ ג ע ר. (אנטלויפט וויא עס וואלט איהר יעמאנד געיאגט. נאך איהר פרוי קיטטעלהויז. ביידע אב)

פ י י פ ע ר. (הארכט זיך איין, בייט זיך אין געזיכט, פערשטעהט וואס דאס רופען בעטייט און עס כאפט איהם אן א משוגע'נע מורא. דאס פאלגענדע רעט ער ארויס מיט א משוגענע שנעלקייט, קלאגענדיג, וויינענדיג און בעטענדיג. דאביי בעשוט ער דרייסיגער'ן מיט קינדערשע לאש־

צעריי, גלעט איהם דיא באַקען און דיא אקסלען, קושט איהם דיא הענד און ענדליך נעמט ער איהם ארום וויא איינער וואס טרינקט זיך און לאָזט איהם זיך ניט ריהרען פון אָרט.) אך ליעבסטער שעהנסטער, גנע־דיגסטער הערר דרייסינגער, לאָזט מיך דאָ ניט איבער, איך האָב אימ־מער געטריי געדיענט! איך האָב דאָך דיא לייט איממער גוט בע־האַנדעלט. איך האָב דאָך ניט געקענט מעהר בעצאָהלען וויא עס איז געוועזן בעשטימט. פערלאָזט מיך ניט, זיי וועלען מיך דערהרגענען. ווען זיי געפינען מיך דאָ, מאַכען זיי מיר דעם טויט. גאָט אין הימעל, גאָט אין היממעל, מיין פרוי, מיינע קינדער....

ד ר י י ס י נ ג ע ר. (וויל געהן, קען זיך אָבער ניט ארויסרייסען פון פייפער'ן) לאָזט דאָך מיך אָב, מענש! דאָס וועט זיך שוין גע־פינען, דאָס וועט זיך שוין געפינען.

(דער פלאַטץ איז ליידיג עטליכע מינוטען. אין סאַלאָן טראסקען די פענסטער. אַ שטארקער קלאַפּ הערט זיך דורך דעם גאַנצען הויז. באַלד דערנאָך אַ געוואלדיגער הורראה! נאָך דעם ווערט שטיל, אייניגע סע־קונדען שפּעטער, הערט מען געהן אויף דיא טרעפּ שטיל און פארזיכטיג אויף דעם ערשטען שטאָק אַרויף. דאַצו שרעקעדיגע אויסרופע: „לינקס!“ „ארויף“, „פּסט“, „פּאַוואָליע“, „פּאַוואָליע“! „שטופּ זיך ניט!“ „העלף אַביסעל“, „אויך איך האָב עטוואס!“ „ארויס, איהר האַלז־שניידער!“ „מיר געהען אויף אַ חתונה!“ „געה דו אַריין!“ „אַ, נעה דו“!

(באַלד בעוויזען זיך אין דער טהיר יונגע וועבער און וועבער מיידלעך, וועלכע וואגען ניט אריין צו געהן און שטופּען איינס ס'אַנדע־רע. נאָך אייניגע סעקונדען ווערען זיי אַביסעל דרייסטער, און דיא אָרמ־זעליגע, מאָגערע, טהיילווייז קרענקליכע געשטאַלטען, אָנגעטאָן אין לאַ־טעס פערטהיילען זיך אין דרייסיגערס צימער און אין דעם סאַלאָן, פרוי־הער בעטראַכטען זיי אלס מיט מורא, דאן נעמען זיי טאַפּען מיט דיא הענד. מיידלעך פּרובירען דיא סאָפעס, עס מאַכען זיך קופּקעלעך, וועלכע בע־וואונדערען זיך אליין אין שפּיגעל, אייניגע שטעלען זיך אויף שטיהל צו בעטראַכטען דיא בילדער און זיי אַראַבצונעמען פון דיא ווענד, דער־ווייל קומט אַלץ אָן מעהר פון דיא קלעגליכע געשטאַלטען.)

ע ר ש ט ע ר א ל ט ע ר ו ו ע ב ע ר. (קומט) נו, לאָזט מיך



אָבער צורוה! אונטען האָבען זיי שוין אָנגעהויבען און מאַכען אַלעס צו אַש און בלאָטע. דאָס איז דאָך משוגעת! אין דעם שטעקט דאָך קיין זינן און קיין פערשטאַנד. און סוף כל סוף וועט עס זיך נאָך אויסלאָזען גאַנץ שלעכט. ווער ס'האָט מארך אין קאָפּ טהוט אזעל־כעס נים. איך וועל זיך אויסהיטען און וועל זיך אין דעם אפילו ניט אריינמישען.

(יעגער, בעקער, וויטטיג מיט אַ הילצערנעם עמער, באַומערט און אַ'ן אנצאהל יונגע און אַלטע וועבער קומען אַריין צו לויפען, וויא זיי וואַל־טען זיך נאָך עפּעס געיאָגט און שרייען מיט הייזעריגע שטיממען.)

י ע ג ע ר. וואו איז ער אהין געקומען?

ב ע ק ע ר. וואו איז דער הויטשינדער?

ב א ו מ ע ר ט. אויב מיר קענען פרעסען גראָז, פרעס דו שפּענער.

ו ו י ט ט י ג. ווען מיר קריגען איהם, הייגגען מיר איהם אויף.

ע ר ש ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. מיר נעהמען איהם פאר דיא פיס און ווארפען איהם אַרוים דורך דעם פענסטער, אויף דיא שטיינער, זאָל ער בלייבען ליעגען אויף אייביג.

צ ו ו י י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. (קוקט) ער איז שוין העט, העט.

א ל ע. ווער דאָס?

צ ו ו י י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. דרייסיגער.

ב ע ק ע ר. און פייפער?

ש ט י מ מ ע ן. זוכט פייפער'ן! זוכט פייפער'ן!

ב א ו מ ע ר ט. זוכט, זוכט פייפער'ן, מע דארף אויסהונגערען אַ וועבער (געלעכטער.)

י ע ג ע ר. מיר וועלען דרייסיגער ניט מעהר קריעגען.... אַ קבצן זאָל ער ווערען.

ב א ו מ ע ר ט. אָרים זאָל ער ווערען וויא אַ מויז אין קירכע, אַ קבצן זאָל ער ווערען: (אלע שטורמען מיט דער אַבזיכט איינצו־ברעכען דיא טהיר פון סאַלאָן.)

ב ע ק ע ר. (וועלכער לויפט פאָראויס, דרייט זיך איהם און

שטעלט דיא אנדערע אב) האלט, הערט מיך אוים ! ווען מיר וועלען דא פערטיג ווערען, וועלען מיר ערשט אנהייבען. פון דאנען געהן מיר אריבער נאך ביעלאווע צו דיטריך'ן, וועלכער ארבייט מיט מאשינען. דאס גאנצע עלענד קומט פון דיא פאבריקען.

ד ע ר א ל ט ע ר א נ ז א ר ג ע. (קומט אריין. נאכדעם וויא ער מאכט אייניגע שריטטע, בלייבט ער שטעהן, קוקט זיך ארום מיט א אונגליקליכע מינע, שאקעלט מיט'ן קאפ, גיהט זיך א פאטש אין שטערען און זאגט.) ווער בין איך ? דער וועבער אנטאן אנזארגע. איז ער פעררוקט געווארען, אנזארגע ? ס'איז וואהר ביי מיר דרייט זיך ארום אין קאפ וויא א קאראזעל. וואס טהוט ער דא ? וואס מאכט ער זיך אזוי פרעהליך ? וואו איז עפעס, אנזארגע ? (ער שלאגט זיך איבער'ן קאפ) איך האב גאר קיין שכל ! איך פערשטעה גאר ניט. איך בין ניט ביי אלעם. געהט אוועק, געהט אוועק ! געהט אוועק, בונטאווניקעס ! קאפ אוועק, פיס אוועק, הענד אוועק. נעמסטו מיין הייזעל, נעם איך דיין הייזעל. איינס פיר איינס ! (געהט אוועק מיט געשריי אין סאלאן. דיא אנוועזענדע געהן איהם נאך מיט שפאט און געלעכטער.)

ענדע פון פיערטען אקט.



## פערזאנען אין פינפטען אקט :

| | |
|---|---|
| בעקער. | דער אלטער הילזע, וועבער. |
| מאריטץ יעגער. | זיין פרוי. |
| דער אלטער באוימערט. | גאטליעב, זיין זוהן. |
| וו טטיג. | לואיזע, זיין פרוי. |
| הארניג. | שמידט, דאקטאר. |

יונגע און אלטע וועבער און וועבער־פרויען

## פינפטער אקט.

ל א נ ג ע ן. — ב י ל א ו ע. — דאס שטיבעל פון דעם וועבער הילזין. לינקס א פענסטערל נעבען וועלכען עס שטעהט איין וועב־שטוהל ; רעכטס, א בעט ; גאנץ נאהענט צום בעט איין טיש. אין ווינקעל, רעכטס דער אויוועז מיט א באנק. ארום דעם טיש אויפ'ן בעט, אויף דיא באנק און אויף א הילצערנע שטוהל זיצען : דער אלטער הילזע, זיין ניט יונ־גערע פרוי, וועלכע איז בלינד און כמעט טויב, זיין זוהן גאטטליעב מיט דער פרויי לואיזע און זייבען מתפלל. איין שפול־ראד מיט פאדעם שטעהט צווישען דעם בעט און דיא וועב־שטוהל. צו דיא פערקאפטשעטע באלקענס אין דעם סופיט זייבען צוגעטשעפעט פערשיעדענע וועבער־געצייג. לאנגע בינטלעך פאדעם הייגגען אראב. איבעראל אין שטוב ליעגען אנגע־ליגט פערשיעדענע אלטווארג. דאס זעהר ענגע און נידריגע צימטער האט א טהיר אין דיא הינטער־וואנד, אין דעם „הויז" איין. אנטקעגען דיעזע טהיר אין „הויז", שטעהט אנאנדער טהיר אפען, דורך וועלכע עס זעהט זיך אן עהנליך צימטער. דאס הויז איז אויסגעפלאסטערט מיט שטיינער. איז אבגעבלאקירט מיט צובראכענע, האלב איינגעפאלענע טרעפ צום בוי־דעם צו. עס זעהט זיך א טהייל פון א באליע. אויף א בענקעל אריטע וועש, קבצנ'ישע שטוב־זאכען שטעהען און ליגען אנגעווארפען. דאס ליכט קומט פון דער לינקער זייט און בעלייכט אלע דריי פלעצער.)

דער אלטער הילזע. (אַ שטאַרק־געבויטער מאַן מיט אַ גרויסער באָרד, אָבער זעהר איינגעפאלען און איינגעבויגען פון אלטער, ארבייט, קראנקהייט און פערשיעדענע אַנדערע צרות. ער איז אַן אויסגע־דינטער סאָלדאַט מיט נור איין האַנד, מיט אַ שפּיציגער נאָז, אַ בלאַס פּנים, ציטערענדיג. הויט און ביינער און אָדערען, מיט כאַראַקטעריסטישע איינ־געפאלענע און קראנקע אויגען. — אויפהייבענדיג זיך, מיט דעם זוהן און דיא שנור, בעט ער.) מיר ווייסען דיר גאָר ניט וויא צו דאַנקען ליעבער גאָט, וואס דו האָסט אונז אויף דיא נאַכט בעשיטצט מיט דיין גנאָד און חסד.... און האָסט זיך אויף אונז דערבאַרעמט, דאָס אויף דיא נאַכט איז אונז קיין בייז ניט געשעהן. גרויסער פאָטער, דיין חסד איז אזוי גרויס, און מיר זיינען ארמע זינדיגע מענשען; מיר זיינען ניט ווערטה, דיין פוס זאָל אונז צוטרעטען, אזוי זינדיג און פערדאָרבען זיינען מיר. אָבער דו, טאַטע אין הימעל, ביסט בארמהערציג און ביסט אונז מוחל אונזערע זינד און נעהמסט אָן אונזערע תפלות אין דעם זכות פון דיא הייליגע אבות. און ווען אויך מיר זיינען אמאָל ניט מקבל באהבה דיין שטראָף — ווייל עס איז אמאָל צו שווער צו פערטראָגען — רעכען דאָס אונז ניט און זיי אונז מוחל אונזערע זינד. גיב אונז געדולד, פאָטער אין הימעל, דאָס מיר זאָלען נאָך אלל — דיזע ליידען זוכה זיין צי האָבען אַ חלק אין דיא לויטערקייט פון דיין שכינה, אמן.

מוטער הילזע. (וועלכע איז געשטאַנען איינגעבויגען דיא גאַנצע צייט און זיך איינגעהערט מיט טרעהרען אין דיא אויגען). אָה, אלטיטשקער, וויא שעהן דו זאָגסט דאס, אזעלכע שעהנע תפלות זאָגסט דו אימער.

דער אלטער הילזע. וואו איז דאָס מיידעל אהין געקומען?

לאוויזע. ז'איז אריבערגעלאָפען קיין פעטערסוואלד — צו דרייסיגר'ן, זיא האָט נעכטען ווידער אָנגעוויקעלט עטליכע מאַטקעס.

דער אלטער הילזע. (שרייט זעהר הויך) נו, מוטער, יעצט וועל איך דיר שטעלען דאָס רעדעל.

מוטער הילזע. ברינג'ס, אלטער, ברינג'ס.

דער אלטער הילזע. (שטעלט אוועק דאָס רעדעל פאר



זיך) זעהסט דו, איך וואָלט'ס זעהר גערן אוועקגענומען פון דיר....

מוטער הילזע. געה... געה.. וואס וואלט איך געטאָן מיט אזוי פיעל ליידיגע צייט!?

דער אלטער הילזע. איך וועל דיר אבווישען דיא פינגער, זאָלסט ניט פעט מאַכען דעם גאַרן — הערסט. (ער ווישט איהר אָב דיא פינגער מיט אַ שמאַטקע).

לאוויזע. (פון באליע אוועק) ווען האָבען מיר דען געגע־סען פעטעס?

דער אלטער הילזע. אז מיר האָבען ניט קיין פעטס עסען מיר טרוקען ברויט — אַז מיר האָבען ניט קיין טרוקען ברויט, עסען מיר קאַרטאָפעל — און אז מיר האָבען קיין קאַרטאָפעל אויך ניט, עסען מיר טרוקענע קלייען.

לאוויזע. (מיט אַ ביטערען הומאָר) און אז מיר האָבען ניט קיין שוואַרץ מעהל, טהון מיר וויא וועגגלער אונטען. מיר געפינען אוים וואו דער היצעל האָט בעגראבען א גע'פגר'ט פערד. מיר גראַ־בען עס אוים און מיר האָבען צו לעבען א פּאָר וואכען פון דיא נבלה —: אזוי טהון מיר! ניט אמת?

גאָטטליעב. (פון דעם הינטער צימער) וואס פלוידערסט דו, דאָרט, צום טייוועל?!

דער אלטער הילזע. דוא זאָלסט נור ריידען מיט'ן טייוועל!. (ער געהט צו דעם וועב־שטוהל, רופט.) דו ווילסט מיר קיינמאָל ניט העלפען, גאָטטליעב — מען דאַרף דורכציהען עטליכע פעדעם.

לאוויזע. (פון דיא באָליע.) גאָטטליעב דערלאַנג דעם טאַ־טען.

(גאָטטליעב קומט. דער אלטער און זיין זוהן פאַנגען אָן דיא נודי־נע ארבייט, דורכצוציהען דורך דיא קאַם: פעדעם פון דיא פאַסמען וועי־רען געצויגען דורך דיא קאַם אויף דיא וועב־שטוהל. זיי האָבען נור וואס אָנגעהויבען, קומט האָרניג אין „הויז" אריין.)

האָרניג. (אין דער טהיר) גאָט העלף ביי דיא ארבייט!

דער אלטער הילזע מיט'ן זוהן. א שעה־

נעם דאַנק, האָרניג! זאָג, איך בעט דיר, ווען שלאָפּסט דו איי־
גענטליך? ביי טאָג געהסטו האַנדלען, ביי נאַכט געהסט דו היטען.

האָרניג. מיך נעהמט גאָר קיין שלאָף ניט מעהר!

לאוויזע. וואס מאַכסט דו, האָרניג?

דער אלטער הייזע. וואס ברייננגסטו גוט'ס?

האָרניג. שעהנע נייעס, מייסטער. דיא פּעטערסוואַלטער
האָבען זיך איינגעשטעלט, און האָבען דעם פאַבריקאַנט דרייסיגער
מיט זיין גאַנצע פאַמיליע פּעריאָגט.

לאוויזע. (מיט אַביסעל אויפרעגונג) האָרניג זאָגט שוין
ווידער ליעגען אין דער וועלט אריין.

האָרניג. דאָס מאָל ניט, יונגע פרוי! דאָס מאָל ניט.—
שעהנע קינדער־פּאַרטוכלעך האָב איך אין וואָגען. ניין, ניין, איך זאָג
דיא ריינע וואַהרהייט. זיי האָבען איהם פיין אַרויסגעיאָגט. נעכטען
אין אָבענד איז ער געקומען קיין רייכענבאַך, אויף גאָטס מאַראָכע!
האָבען זיי איהם אָבער דארט ניט געוואָלט האַלטען — אויס מורא
פאר דיא וועבער — האָט ער פלוצלונג ווידער געמוזט קיין שוויי־
ניטץ פאָהרען. —

דער אלטער הילזע. (ער נעהמט גאַנץ פאָרזיכטיג פעד־
דעם און שטעקט זיי צו דעם קאָם צו, דער זוהן ציהט זיי פון דער אַנדער
זייט דורך מיט אַ האַטשיק.) עס איז שוין צייט, דו זאָלסט אויפהערען.
האָרניג!

האָרניג. זאָל איך ניט דער לעבען אוועקצוגעהן פון דעם
אָרט. נו, נו, יעדעס קינד ווייס דאָך שוין באַלד פון דעם.

דער אלטער הילזע. זאָג, איך בעט דיך, בין איך
משוגע, אָדער ביסט דו משוגע?

האָרניג. נו דאָס הייסט. וואס איך האָב דיר דאָ דער־
צעהלט איז אזוי אמת, וויא נור אמן צו זאָגען. איך וואָלט דאָך ניט
געגאַנגען זאָגען, ווען איך... און איך וואָלט ניט דערביי געשטאַנען,
אָבער אזוי האָב איך עס דאָך געזעהען, מיט מיינע אייגענע אויגען,
וויא איך זעה דיך אָט דאָ גאָטליעב. חרוב געמאַכט האָבען זיי זיין
הויז, פון דעם קעלער ביז צום דאַך. פון דיא אויבערשטע פענסטער
האָבען זיי דאָס פּאָרצעלאַן אַרויסגעוואָרפען. וויפיעל הונדערט שאָק



באַרכענט האָבען זיי אין דעם טייך געוואָרפען? אז דאָס וואסער
האָט זיך אזש פערהאַלטען. מענסט מיר גלויבען אז דאָס וואסער
וואס האָט זיך מיט געוואַלד אריבערגעריסען איז געווען אין גאַנצען
בלאָ פון דעם אינדיגא וואס זיי האָבען דורך דיא פענסטער אריין
געשאָטען. די הימעל־בלויע שטויב־וואָלקען האָבען זיך אזוי געשאָטען
איינס נאָך ס'אַנדערע! אַ שיינעם חורבן האָבען זיי אָנגעמאַכט, און
ניט נור אין זיין וואָהנונג... אין די פערבעריי... אין די שפּייכלער...!
דיא טרעפּ האָבען זיי צובראָכען, דיא פּאָדלאָגעס אויפגעריסען —
דיא שפּיגעל צוטראַסקעט — סאָפעס און פאָטעלען, אַלץ צוריסען
און צושליסען, צושניטען און צושמיסען — צוטרעטען און צוהאַקט.
—מענסט מיר גלויבען, נאָך ערגער וויא אין אַ מלחמה.

דער אלטער הילזע. און דאָס האָבען געזאָלט זיין
היגע וועבער? (ער שאָקעלט לאַנגזאם און אונגלויביג דעם קאָפּ. בייא
דיא טהיר קומען זיך צוזאַממען נייגעריגע שכנים.)

האָרניג. ווער דען? איך קען דיר יעדען אנרופען מיט'ן
נאָמען, איך האָב געפיהרט אַ לאַנדראַטה דורך דעם הויז. האָב איך
גערעדט מיט פיעלע. זיי זיינען געווען גאַנץ פריינדליך וויא אימער.
זיי האָבען עס געמאַכט געלאַסען, אָבער גרינדליך. דער לאַנדראַטה
האָט גערעדט מיט פיעל. און זיי זיינען געווען אזוי אונטערטהעניג
וויא אַלע מאָל. אָבער אָבהאַלטען האָבען זיי זיך ניט געלאָזען.
דאָס שענסטע מעבעל האָבען זיי צוהאַקט, גלייך וויא מען וואָלט זיי
בעצאָהלט דערפאַר.

דער אלטער הילזע. דו האָסט געפיהרט אַ לאַנד־
ראַטה דורך'ן הויז?

האָרניג. נו, איך וועל דאָך ניט האָבען קיין פחד. איך
בין דאָך בעקאַנט ביי דיא לייטע וויא אַ בייזער שילינג. איך רייס
דאָך מיט קיינעם ניט איין. איך בין דאָך מיט אַלעמען גוט. געוויס,
איך בין מיט איהם דורכגעגאַנגען, אזוי וואָהר וויא מיין נאָמען איז
האָרניג, און איהר מעגט'ס מיר דרייסט גלויבען — : מיר האָט'ס
גוט וועה געטאָן — און דעם לאַנדראַטה, איך האָב'ס איהם אָנגעזעהן,
איהם האָט עס אויך אָנגענומען—ווארים פאר וואָס? — מען האָט
נאָך ניט געהערט קיין איינציגעם וואָרט, אזוי שטיל איז עס צוגע־

גאנגען. זעהר יום טוב'דיג איז איינעם געוואָרען אויף דעם הארץ, וויא דיא אָרמע הונגערליידער האָבען אמאָל געהאַט זייער נקמה—

ל א ו י ז ע. (פלאַצט ארויס מיט א ציטערנדיגע אויפרעגונג. רייבט זיך צוגלייך דיא אויגען מיט'ן פארטוך) א מצוה אויף זיי, ס'האָט געמוזט קומען צו דעם!

ש ט י מ מ ע ן פ ו ן ד י א ה ו י ז־ב ע ו ו אָ ה נ ע ר. „ביי אונז זיינען דאָ געגוג הויטשינדער". „אָט דאָ באלד דריבער וואוינט איינער". „ער האָט פיער פערד און זעקס קארעטען אין שטאַל און לאָזט דעריבער זיינע וועבער הונגערען".

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. (עס קען זיך איהם אלץ ניט גלויבען) וויא אזוי האָט דאָס געקענט אזוי ארויסקומען, דאָרט דריי־בער?

ה א ר נ י ג. ווער ווייס וואס? וואס ווייס מען? איינער זאָגט אזוי, דער אַנדערער זאגט אזוי.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. וואס זאָגען זיי דען?

ה אָ ר נ י ג. נו, גאָט איז מיט דיר! דרייסיגער זאָל האָבען געזאָגט: דיא וועבער קענען פרעסען גראָז, ווען זיי זיינען הונגע־ריג. ווייטער ווייס איך ניט.

(א בעוועגונג צווישען דיא הויז בעוואוינער, וועלכע דערציילען דאָס איינער דעם אַנדערען מיט סמנים פון אויפרעגונג.)

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. הער מיך אוים, האָרניג, דו קענסט מיר זאָגען: פעטער הילזע, מאָרגען וועסט דו שטאַרבען. דאָס קען מעגליך זיין, וועל איך דיר ענטפערען — פאר וואס דען ניט? — דו קענסט מיר זאָגען: פעטער הילזע, מאָרגען קומט צו דיר צו גאסט דער פריימישער קעניג — אָבער אז וועבער מענ־שען וויא איך און מיין זוהן — זאָלען האָבען געטאָן אזעלכע זאכען. און לעבען ניט! ניע אין לעבען וועל איך דאָס גלויבען.

מ י ע ל כ ע ן. (א היבשע, זיעבען יעהריגע מיידעל, מיט לאַנגע צופלאָכטענע פלאַכסענע האָר מיט א קאָשעק אויף דער האַנד קומט אריינגע־שפרונגען. שטעקט דיא מוטער א זילבערנעם לעפעל אין דיא אויגען אריין) מאַמעלע, מאַמעלע! זעה דאָך וואס איך האָב! דו זאָלסט מיר דערפאר קויפען א ניי קליידעל.



ל א ו י ז ע. וואס ביסט דו דאָס געקומען אזוי פערהאָרע־וועט? (מיט מעהר אויפרעגונג און פערוואונדערונג.) וואס האָסטו שוין ווידער געבריינגט צו שלעפען, זאָג. ביזט דאָך געקומען גאָר אָהן אטהעם, און דו האָסט נאָך אלץ אין קאָשעק. וואָס זאָל דאָס הייסען, מיידעל?

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. מיידעל, פון וואנען האָסט דו דעם לעפעל?

ל א ו י ז ע. ז'האָט'ס אפשר געפונען.

ה אָ ר נ י ג. דאָס איז זיך ווערט זיינע צוויי, דריי טהאלער.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. (אויסער זיך) ארוים, מויד! ארוים! זאָלסט מיר שוין ארויסגעהן. וועסט דו האָרכען אָדער זאָל איך דיך געהן שלאָגען?! און דעם לעפעל זאָלסט דו מיר אָבטראָגען פון וואנען דו האָסט איהם גענומען. ארוים! ווילסט אונז אלע מאַכען פאר גנבים? כ'וועל'ם פון דיר ארויסשלאָגען. (ער זוכט עטוואס צום שלאָגען)

מ י ל כ י ע ן. (האַלט זיך אָן אָן דיא מוטער'ס קלייד און וויינט) זיידעלע, שלאָג מיך ניט — מיר האָבען'ם — דאָך גע—פונ־נען. דיא — אַנדערע — קינדער —האָבען—דאָך—אלע—אויך.

ל א ו י ז ע. (מיט מורא און אויפרעגונג) נו, זעהסט שוין, זיא האָט'ס געפונען. וואו האָסט'ס געפונען?

מ י ע ל כ י ע ן. (שלאָכצענד) אין פעטערס — וואלד האָבען — מירס'גע — פונען, פאר דרייסיגער — הויז.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. נאָך דאָס איז מיר בעשערט, נו, מאַך שנעל, אז ניט וועל איך דיר ארויסהעלפען.

מ ו ט ע ר ה י ל ז ע. וואס טהוט זיך'ם דאָרט?

ה אָ ר נ י ג. איך וויל אייך עטוואס זאָגען, פעטער הילזע. זאָל גאָטליעב נעמען אויף זיך דעם ראָק און זאל ער געהן אין פאָלי־ציי מיט'ן לעפעל.

ג אָ ט ט ל י ע ב. (טהוט זיך אָן, אין איילעניש) און איך וועל געהן אין דיא קאַנצעלאריע און זיי זאָגען: זיי זאָלען דאָס ניט נעהמען פאראיבעל, וואס ווייס אזא קינד, זיא האָט דאָך נאָך ניט

דעם פערשטאנד דערפון און דא האב איך געבראכט דעם לעפעל, הער דאך אויף צו וויינען.

(דיא מוטער פיהרט דאס ג.ווינענדיגע קינד אין דעם הינטער ציר מער, וועלכען זיא פערשליסט. זיא אליין קומט צוריק.)

ה א ר נ י נ. דער לעפעל איז זיך ווערט זיינע דריי טהאלער.

ג א ט ט ל י ע ב. גיב א טיכעל, לאויזע, עס זאל ניט קאליע ווערען. נו, נו, אזא טהייערע זאך. (עס שטעלען זיך איהם טרערען אין דיא אויגען, ווען ער וויקעלט איין דעם לעפעל.)

ל א ו י ז ע. ווען מיר וואלטען דאס געהאט, וואלטען מיר געקענט לעבען פיעלע וואכען.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. יא, יא, בעקלאג זיך נאך, בעקלאג זיך וויפיעל דו קאנסט! דאס איז א שעהנע זאך! דאס פעהלט מיר פונקט צום רומעל. זעה, מיר זאלען זיך פטר'ן פון דעם פערשאלטענעם לעפעל.

(גאטטליעב געהט אוועק מיט'ן לעפעל.)

ה א ר נ י נ. נו, איך מוז זיך אויך זעהן אבצוטראגען. (ער געהט, רעדט נאך א ביסעל אין הויז, און געהט אוועק.

ד א ק ט א ר ש מ י ט. (א קוילעכיג מענשעל, שנעל וויא א קוועקזילבער, מיט א וויינינ־רויט כיטרע פנים, קומט אריין אין „הויז") גוט מארגען מענשען! נא, דאס איז מיר א שעהנע היס־טאריע. איהר זאלט זיך גור דערוועגען צו קומען! (סטראשעט מיט'ן פינגער) איהר האט זיך גוט אנגעמאכט (אין דער טהיר, נים אריינ־קומענדיג אין שטוב) גוט מארגען, פעטער הילזע! (צו א פרוי אין „הויז") נו, אידענע, וויא איז מיט אייער געשוויר? בעסער, וואס? זעהט איהר שוין. פעטער הילזע, איך מוז דאך א מאל זעהן וואס ס'הערט זיך ביי אייך. וואס צום טייוועל, איז דארט דיא אידענע?

ל א ו י ז ע. דיא אויגען זיינען איהר פערטריקענט, הערר דאקטאר, זיא זעהט שוין גאר ניט מעהר.

ד א ק ט א ר ש מ י ט. דאס קומט פון שטויב און פון נאכט ארבייט. נו, זאגט קענט איהר דאס ערקלערען? גאנץ פע־טערסוואלד איז אויף דיא פיס. איך זעץ מיך היינט אין דער פריה אין מיין וועגעל אריין, ס'חלומט מיך ניט פון קיין בייז, נאך ניט



א האר. פלוצלונג הער איך גאר וואונדער. וואס צו אלדע טייוועל איז מיט דיא מענשען געווארען, הילזע? וויטהען וויא א סטאדע וועלף, מאכען א רעוואלוציאן, בונטעווען זיך; שטעלען זיך אקע־גען דיא רעגיערונג, פלינדערען און ראבעווען... מיעלכיען! וואו איז מיעלכיען? (מיעלכיען, נאך רויט פון וויינען, ווערט אריינגע־שלעפט פון דער מוטער) נא, מיעלכען, שטעק אריין דיא האנד אין מיין קעשענע. (מיעלכען טהוט עס) דיא פעפערניסלעך זיינען פאר דיר. נא, נא! ניט אלע אויף א מאל. דו שטיפערקע! פריהער זינ־גען! פוקס דא האסט דו... נו? פוקס דא האסט דו... גאנז... ווארט נאר דו, וואס דו האסט אנגעמאכט. דו האסט דיא פיינעל אויפ'ן גלח'ס פארקען גערופען שטענגעלשייסער, און זיי האבען אויף דיר אנגע'מסר'ט אין קאנטאר. נא, נו זאג, וואס א מענש איז. פופצעהן הונדערט מענשען זיינען אויפ'ן וועג (ס'הערט זיך קלינגען, פון ווייט) הערט דאך! פופצעהן הונדערט מענשען. דיא וועלט געהט איינפאך אונטער. שרעקליך!

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. קומען זיי דאס טאקע ארי־בער קיין בילעוא?

ד א ק ט א ר ש מ י ט. געוויס, געווים. איך בין דאך דורכגעפאהרען אין מיטען דיא גאנצע באנדע. מיר האט זיך גע־וואלט אראבגעהן און יעדען פערשרייבען א פראשיק! זיי שטופען זיך איינער נאך'ן אנדערען און פערפיהרען א געזיינגעריי, אז ס'קערט זיך אזש איבער אין בויך, אז ס'נעמט אזש אן צו ברעכען. מיין פרידריך, אויף דיא קאזלעס, האט זיך געשטיקט וויא אן אלטע אידענע. מיר האבען זיך באלד געמוזט קויפען א שטארק ביטער־ניש; איך וואלט ניט וועלען זיין קיין פאבריקאנט, ווען איך זאל אפילו באלד קענען פאהרען אויף גומענע רעדער. (זינגען פון דער־ווייטענס.) הארכט זיך איין! גלייך מע וואלט געפויקט מיט אביין אויף אן אלטען צופלאצטען טאפ. קינדער, אין פינף מינוטען ארום וועלען מיר זיי דא האבען. זייט געזונד. בעגעהט ניט קיין נאריש־קייטען. מיליטער קומט באלד אן. בלייבט ביים פערשטאנד. דיא פעטערסוואלדער האבען דעם פערשטאנד פערלארען. (ס'הערט זיך קלינגען פון דער נאהענט) אט קלינגען שוין אונזערע גלאקען אויך.

דיא לייט מוזען דאָך זיין גאַנץ משוגע. (ער געהט ארויף אויף דעם
ערשטען שטאָק).

ג אָ ט ל י ע ב. (קומט צוריק. קען קוים כאַפּען דעם אָטהעם,
נאָך אין „הויז") איך האָב זיי געזעהען, איך האָב זייא געזעהען (צו
אַ פרוי אין „הויז") זיי זיינען דאָ, מומע, זיי זיינען דאָ ! (אין דער
טהיר) זיי זיינען דאָ, טאַטע, זיי זיינען דאָ ! זיי האָבען גרויסע פאַל-
קעס, ווירלעם און העק. זיי שטעהען שוין ביי דיטריכען און מאכען א
ליאַרם, איך גלויב מען צאָהלט זיי אוים געלד, אָ, גאָט, וואס וועט
נאָך דאָ ווערען ? איך קען ניט איינזעהען. אזוי פיעל מענשען !
ווען דיעזע וועלען זיך נאָך אָנלויפען — פערפאלען, פערפאלען, דאן
וועט עס זיין שלעכט מיט אונזערע פאבריקאַנטען.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. וואס ביזט דו אזוי געלאָפען?
דו וועסט אזוי לאַנג שרייען, ביז דו וועסט צוריק קריגען דיין אַלטע
קרענק, ביז דו וועסט ווידער אמאָל ליעגען אויפ'ן רוקען
און ס'וועט מיט דיר וואַרפען.

ג אָ ט ט ל י ע ב. (האַלב אויפגערעגט און האַלב צופריעדען)
איך מוז דאָך לויפען, אז ניט וואַלטען זיי דאָך מיך פערהאַלטען. זיי
האָבען שוין אַלע געשריען : איך זאָל אויך צו לייגען א האַנד. מיין
טויף-פאטער באומערט איז דאָך דערביי געוועזן. ער מאכט צו מיר :
קריג דיר עפּעס א'ן עמער, דו ביסט דאָך אויך א'ן אָרעמער הונגער-
ליידער. ער זאָגט נאָך : זאָג'ס דעם טאַטען... איך זאָל איהם זאגען,
טאַטע, דו זאָלסט קומען און העלפען דיא פאבריקאַנטען אָבצאָהלען
פאר זייער הויטשינדעריי. (ליידענשאפטליך) ס'קומט יעצט אנדערע
צייטען, מאכט ער. יעצט וועט'ס גאָר אנדערש ווערען מיט דיא ווע-
בער. מיר זאָלען אַלע קומען און העלפען דאָס דורכפיהרען. מיר ווע-
לען יעצט אַלע אונזער שטיקעל פלייש אין א זאָנטאָג האָבען, און
אויף א יום טוב וואורשט מיט קרויט. ס'וועט גאָר ווערען אנאַנדער
מעשה, מאכט ער צו מיר.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. (מיט א פערשטיקטע אויפ-
רעגונג) און דאָס איז דיין טויף פאטער ? ! און ער הייסט דיך אַנ-
טהייל נעמען אין אזעלכע פערברעכערישע זאכען ? ! לאָז דיך ניט



אריין אין אזעלכע זאכען, גאָטטליעב. דאָ שטעקט דער טייוועל אין
דעם. דאָס איז דעם שטן'ס ארבייט.

ל א ו י ז ע. (איבערוועלטיגט פון א ליידענשאַפטליכע אויפרע-
גונג) יא, יא, גאָטטליעב, דו בעהאַלט זיך אונטער'ן אויוועז, נעם דיר
א לעפעל אין דער האַנד אריין און א שיסעל מאַסלינקע צווישען דיא
קניע, טהו זיך אָן א רעקעל און זאָג תהלים. דאָס וועט געפעלען דעם
טאַטען — און דאָס וויל זיין א מאַן !

(א געלעכטער צווישען דיא לייט אין „הויז")

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. (טרייסעלט זיך פון אונטערדריק-
טען כעס) און דו ווילסט זיין א'ן אָרענטליכע פרוי ? לאָמיך דיר א
מאָל זאָגען. דו ווילסט זיין א מאמע, און דו האָסט אזא בייז מויל.
דו ווילסט דיין מיידעל געבען ערציהונג און דו העצט אויף דיין מאַן
צו פערברעכען און שענדליכקייט.

ל א ו י ז ע. (ווילד.) מיט אייערע פרומע ריידעלעך.... דאפון
איז מיר נאָך ניט אמאָל א קינד זאט געוואָרען. פון דעם זיינען זיי
אַלע פיער געלעגען אין מיסט און אין שמאַטעס. פון דעם ווערט ניט
אמאָל איין ווינדעלע טרוקען. איך וויל זיין א מאמע, דאס זאָלט איהר
וויסען ! און טאַקי צוליעב דעם, דאָס זאָלט איהר וויסען, ווינש איך
א מגיפה זאָל קומען אויף אַלע פאַבריקאַנטען, זיי זאָלען קיין מאָל
פון גיהנם ניט ארויס. טאַקע, ווייל איך בין א מאמע. — וויא דער
האַלט מען אזא ווערמעל ? ! איך האָב ניט אויפגעהערט צו וויינען
פון דער מינוט, וואָס אזא עופ'עלע איז געקומען אויף דער וועלט,
ביז דער טויט האָט זיך דארויף מרחם געוועזן. אייך האָט עס א סך
געאַרט. איהר האָט געבעטען און געזונגען צו גאָט, און איך האָב זיך
דיא פיס אָבגעהאקט, אז ס'איז אזש בלוט גערונען, צו קריגען א קאָפּ
זויערע מילך. וויא פיעל הונדערט נעכט האָב איך זיך געבראַכען דעם
קאָפּ, כאָטש איין מאָל צו ראַטעווען א קינד פון בית עולם. וואס האָט
אזא קינד געזינדיגט, הא ? ס'זאָל נעמען אזא עלענדען סוף — און
דריבער ביי דיטריכען, ווערען זיי געבאָדען אין וויין און געוואשען
אין מילך. נו, נו ! זאָל עס זיך נו'ר דאָ אָנהייבען — צעהן פערד,
וועלען מיך ניט אָבהאַלטען. איך זאג אייך : שטירמען זיי דיטריך'ס
הויז — געה איך דיא ערשטע. און אז אָך און אז ווייה צו דעם, וואס

וויל מיך אָבהאַלטען. — איך האָב שוין גענוג געהאַט דאַפון.

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ה י ל ז ע. דו ביזט שוין גאָר אַ פער־פאַלענע, דיר איז שוין ניט צו העלפען.

ל א ו י ז ע. (אַזש ווילד) אייך איז ניט צו העלפען. טרוסען זייט איהר. אָנעטציעס, ניט קיין מענער, פּאַסקודניאַקעס, צוקראַכע־נע בריות. וואָס אַנטלויפען פאַר דעם געשריי פון קינדער. קערל, וואָס „דאַנקען שעהן", אַז מען ברעכט זיי גוט אָן דיא ביינער. זיי האָבען אייך שוין אַזוי אויס געצויגען דיא אָדערען, אַז איהר קענט שוין אפילו ניט רויט ווערען. אַ בייטש דאַרף מען צו אייך נעהמען אריין צו האַקען אַביסעל מאַרך אין אייערע צופוילטע ביינער. (שנעל אַב.)

(אַ פערלעגענהייטס פּאַוזע)

מ ו ט ע ר  ה י ל ז ע. וואס איז דאָרט מיט ליזל'ען ?

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ה י ל ז ע. גאָר נישט, וואָס זאָל דען זיין?

מ ו ט ע ר  ה י ל ז ע. זאָג מיר, אַלטעטשקער, צו דאַכט'ס זיך מיר נור אַזוי, אָדער קלינגען טאַקע דיא גלאָקען ?

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ה י ל ז ע. מע וועט איינעם בעגראַבען.

מ ו ט ע ר  ה י ל ז ע. און מיט מיר וויל עס גאָר קיין סוף ניט נעהמען. פאַר וואָס שטאַרב איך ניט, מאַן ?

(פּאַוזע)

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ה י ל ז ע. (לאָזט ליגען דיא ארבייט שטעלט זיך אויף און זאגט פייערליך.) גאָטטליעב ! — דיין ווייב האָט אונז אַזעלכע זאַכען געזאָגט.... גאָטטליעב, קוק זיך צו (ער צושפּיללעט זיין האַריז) דאָ איז געזעסען אַ קויל, אַזוי גרויס וויא אַ פינגער־הוט. און וואו איך האָב מיין אָרם געלאָזען, דאָס ווייס דער קעניג. די מייז האָבען איהם ניט אָפּגעגריזשעט (ער געהט הין און צוריק) דיין ווייב... ווען עס האָט זיך נאָך קיינעם ניט גע'חלום'ט פון איהר, האָב איך שוין פערגאָסען מיין בלוט קוואָרט־וויוז פאַר מיין פאַטערלאַנד. און דעריבער מעג זיא פלוידערען וויא פיעל איהר האַריז געלוסט. — דאָס אַרט מיך ניט. דאָס איז אַ שום פולווער ניט ווערטה.—מורא האָ־בען ? איך וועל מורא האָבען ? פאַר ועמען מורא האָבען ? זאָג מיר כאָטש איין איינציגעס מאָל. פאַר דיא עטליכע סאָלדאַטען, וואָס וועלען אפשר קומען אונטער דיא



בונטאָווניקעס ? אָ, נאַרעלע ! דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. ס'ברעכט מיר אפילו דער רוקען, דאָס איז אמת, אָבער ווען מען דאַרף האָב איך נאָך ביינער וויא העלפאַנט ביין. איך וואָלט זיך נאָך אַ'ן עצה געגעבען מיט עטליכע לומפּיגע באַיאָנעטען — און ווען עס זאָל זיין שוין גאָר שלעכט — איז וואס ? !איך וואָלט זעהר גערן, נאָך צו גערן געגאַנגען שלאָפען. שטאַרבען לאָז איך מיך ניט לאַנג בעטען. בעסער היינט איידער מאָרגען. נע, נעע. וואס איז ־ען ? וואס פערלאָזט מען דאָ ? דעם אַלטען צובראַכענעם שאַרבען וועט מען דאָך ניט בעוויינען ? דאָס ביסעל שרעק און מאַטערניש וואס מען רופט דאָ לעבען, לאָזט מען שוין גערן איבער — אָבער נאָך דעם, גאָטטליעב ! נאָך דעם קומט עטוואָס — און ווען מען פערשפּיעלט דאָס אויך — דאַן איז אַלץ פערלוירען.

ג אָ ט ט ל י ע ב. ווער ווייס, וואס קומט נאָכ'ן טויט, גע־זעהען האָט'ס קיינער ניט.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. איך זאָג דיר, גאָטטליעב : צווייפעל ניט אין דעם איין איינציגען וואס מיר אָרמע מענשען האָ־בען. פאַר וואס וואָלט איך דען דאָ געזעסען — און געקוועטשט דאָס בענקעל איבער פיערציג יאהר ? און רוהיג צו געזעהן וויא דאָ אַנטקעגען לעבען זיי אין וואויל טאָג — און שלאָגען גאָלד פון מיין הונגער און פון מיינע צרות. פאַר וואס דען ? ווייל איך האָב אַ האָפפנונג. איך האָב אַ טרייסט אין מיין נויט. (ווייזט דורך דעם פענסטער) דו האָסט דיין עולם הזה, און איך האָב יענע וועלט, האָב איך זיך געטראַכט. און איך האָב זיך געלאָזען ראַבעווען. — איך בין זיכער אין דעם, דאָס האָט מען אונז צוגעזאָגט. ס'איז דאָ אַ משפט, אָבער ניט מיר זיינען דיא ריכטער, זאָנדערן, לי הנקמה, נקמה געהערט צו מיר, זאָגט גאָט, דער גרויסער גאָט.

א י י ן  ש ט י מ מ ע. (פון דרויסען) וועבער ארויס !

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  ה י ל ז ע. מיין דאגה — טהוט זיך וויא אייך געפעלט. (ער געהט אויף דעם וועבשטוהל) מיך וועט איהר שוין מוזען דאָ לאָזען.

ג אָ ט ט ל י ע ב. (נאָך אַ קורצען קאַמפּף מיט זיך) איך וועל געהן ארבייטען. מעג זיך טהון וואָס ס'וויל. (אַב. מען הערט דאָס ווע־

בער־ליעד אין דיא נאהענט געזונגען פון פיעלע הונדערטע שטימען. עס קלינגט וויא דומפפע איינטעניגע קנות).

שטימען פון דיא שכנים. (אין „הויז“) „א, נאך, נאך, זיי שיטען זיך וויא דיא מוראשקעס“. — „פון וואנען האבען זיך גענומען אזוי פיעל וועבער ?“ — „שטופט זיך ניט, איך וויל אויך עפעס זעהן“. „זעה דיא לאנגע לאטע, וואס דער איז פאר־רענט טראגט“ אך ! אך ! „זיי שיטען זיך אונאויפהער !“

הארנינג. (קומט צווישען דיא לייט אין „הויז“) דאס איז דאך א ריינער טעאטער. אזעלכעס זעהט מען ניט אלע טאג. איהר האט נעדארפט ארויף געהן צו דעם אויבערשטען דיטריך׳ן. דארט האבען זיי אנגעמאכט א חתונה, אז ס׳איז דא וואס צו זעהען. ער האט שוין ניט קיין הויז, מעהר, קיין פאבריק מעהר, — קיין ווין קעלער מעהר, קיין גאר נישט מעהר. דיא פלאשען האבען זיי אויס־געזאפען... זיי האבען אפילו ניט געהאט קיין צייט אויפצושטא־פען. איינס, צוויי, דריי, און דיא העלזער זיינען אראפגעפלויגען, צו זיי האבען זיך צושניטען דאס מויל מיט דיא שארבענס, צו ניט. איינינגע לויפען ארום צובלוטיגטע וויא דיא חזרים. — נו, וועלען זיי זיך נעמען צו דעם היגען דיטריך אויך.

(דער מאסענגעזאנג איז שטיל געווארען)

שטיממען פון דיא הויזבעוואהנער. זיי זעהן גאר ניט אויס אזוי בייז.

הארנינג. לאזט נור צופריערען ! קוקט צו דאס גרייטע ! איצט בעטראכטען זיי ערשט גוט, וואס זיי האבען צו טאן. זעהט ווי זיי קוקען ארום דעם פאלאץ פון אלע זייטען. איהר זעהט דארט דעם קליינעם, דעם דיקען — ער האט מיט זיך א׳ן עמער. דאס איז א שמיעד פון פעטערסוואלד, א גאנץ געפערלאך מענשעל. ברעכט איין דיא דיקסטע טיהר, וויא מען צוברעכט א בייגעל,— אויף דעם מעגט איהר זיך פערלאזען. ווען א פאבריקאנט פאלט צו איהם אין דיא הענד אריין, נו, מעג ער שוין גומל בענשען.

שטיממען פון דיא הויזבעוואהנער. „אט האסטו“. „א שטיין אין אריין געפלויגען אין פענסטער“. „דער אלטער דיטריך ציטערט שוין !“ „ער הענגט ארום א טאבליצע !“



„ער הענגט ארוים א טאבליצע !“ „וואס שטעהט דארויף ?“ „קענסטו ניט לעזען ?“ „נו, לעזט דאך איבער !“ „איהר — זאלט — אלע — בעפרי — דיגט — ווערען, איהר־זאלט־אלע־בעפרידיגט־ווערען.“

הארנינג. דאס האט ער געקענט לאזען אונטערוועגענס. ס׳וועט ניט העלפען א האר. דיא ברידער האבען זיך זייער אייגענעם וועג. זיי געהט׳ס אין דער פאבריק. דיא מאשינען ווילען זיי אויס־ראטען פון דער וועלט. דיא מאשינען זיינען דאך דאס, וואס ליינט דיא וועבער אין דר׳ערד אריין : דאס קען דאך א בלינדער זעהן. נעע, נעע ! דיא לייטע האבען זיך גענומען דאצו. זיי וועט קיין לאנדראטה און קיין פערוואלטער ניט ברייננען צום שכל. און א טאבליצע שוין געווים ניט. ווער ס׳האט זיי געזעהען בעל־הבית׳עווען, — דער ווייס וואס ס׳מיינט.

שטיממען פון דיא הויזבעוואהנער. „מענשען מענשען, דאס זיינען מענשען !“ — וואס ווילען זיי דען ?“ — (האסטיג) „זיי קומען דאך אריבער דיא בריק !“ (מיט שרעק) „זיי קומען אפשר אויף דיא אנדערע זייט ?“ (אין איבערראשונג און שרעק) „זיי קומען צו אונז, זיי קומען צו אונז“ „זיי שלעפען דיא וועבער ארוים פון דיא הייזער“. (אלע אנטלויפען. דאס „הויז“ איז לוידיג. א פערשמוצטע, פערשטויבטע מאססע, מיט רויטע געזיכטער פון שנאפס און אנשטרענגונג, ווילט, ניט אויסגעשלאפען און אבגעריסען, שטופען זיך אריין אין „הויז“ מיט דעם געשריי : וועבער ארוים ! דאן צושפרייטען זיי זיך איבער דיא צימערען. אין דעם צימער פון דעם אלטען הילזע קומען אריין : בעקער און אייניגע יונגע וועבער מיט פאקעלס און דרעגנער אין דיא הענד. ווען זיי דערקענען דעם אלטען הילזע, ווערען זיי אביסעל צומישט און אבגעקיהלט.)

בעקער. פעטער הילזע. הערט אויף אייער ארבייט. זאל דער דרוקען דאס בענקעל, ווער ס׳האט חשק. איהר דארפט זיך ניט מעהר אזוי אנשטרענגען. מיר וועלען שוין דאפיר זארגען.

ערשטער יונגער וועבער. איהר זאלט זיך ניט מעהר לייגען שלאפען הונגעריגערהייט.

צווייטער יונגער וועבער. יעדער וועבער זאל ווידער קריגען א דאך איבער׳ן קאפ און א העמד אויפ׳ן לייב.

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. פון וואנען ברײנגט אײך דער טײוועל מיט העק און דרענגער ?

ב ע ק ע ר. מיר וועלען זײ צוברעכען אויף דיטריך'ס פלײצע.

צ ו ו י י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. מיר וועלען זײ אנגליהען און דיא פאבריקאנטען דעם האלדז פערשטאפען, זאלען זײ אויך וויסען, וויא הונגער ברענט.

ד ר י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. קומט מיט, פעטער הילזע ! מיר געבען קײן פארדאן !

צ ו ו י י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. אויף אונז האט קײנער קײן רחמנות ניט געהאט. ניט גאט און ניט קײן מענש. יעצט פערשאפען מיר זיך אלײן גערעכטיגקײט.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (קומט ארײן שוין א ביסעל אונזיכער אויף דיא פיס. אין דיא האנד טראגט ער א געקוילעטען האהן. ער שטרעקט אויס זײנע ארמס.) ברידער — מיר זײנען אלע ברידער ! קומט, לאמיך אײך צודריקען צום הארץ, ברידער !

(געלעכטער)

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. דו זעהס'ט אזוי אויס, ו ו י ל ה ע ל ם ?

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. גוסטאוו, דו ? גוסטאוו, ארמער הונגערלײדער, קום צו מײן הארץ. (געריהרט).

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. (ברומט) לאז מיך צורוה.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. אזוי איז עס גוסטאוו. גליק מוז א מענש האבען. גוסטאוו,ווארף נור א'ן אויג אויף מיר. וויא זעה איך אויס ? גליק מוז א מענש האבען ! זעה איך ניט אויס וויא א גראף ? (ער פאטשט זיך אויף דעם בויך) טרעף, וואס דא ליעגט אין דעם בויך ? פריצישע מאכלים ליעגט אין דעם בויך. גליק מוז דער מענש האבען, קריגט ער שוין שאמפאניער און א געברא־טענס פון האזען — — איך וועל אײך וואס זאגען : מיר זײנען בע־נאנגען א נארישקײט... מע דארף מעהר נעמען.

א ל ל ע (צוזאמען) מע דארף מעהר נעהמען, הורראָ !

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. און אז מען האט דעם



ערשטען גוטען ביסען אראב געשלונגען, שפירט מען עס טאקע באלד אין דיא בײנער. הא, הא, מען קריגט אין זיך ארײן א כוח פון א'ן אקס. דער כוח צוגיעסט זיך איז אלע גליעדער און ער טרײבט אזוי שטארק, אז מען בעמערקט שוין גאר ניט וויא מען האקט. ס'נעהט וויא געשמירט.

י ע ג ע ר. (אין דער טיהר, בעוואפענט מיט א'ן אלטע קאוואלע־ריסקע שווערד.) מיר האבען געמאכט עטליכע פײנע אטאקען.

ב ע ק ע ר. מיר האבען דאס זיך גוט אויסגעלערענט. אײנס, צווײ, דרײ, און מיר שטעהען שוין אין מיטען שטוב. נאכדעם געהט עס שוין וויא א העליש פײער. אלס פלאצט און ציטערט, אז עס פליהען אזש פונקען וויא פון א קוימען.

ע ר ש ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. מיר דארפען גאר מאכען א קלײן פײערעל.

צ ו ו י י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. לאמיר געהן נאך רײכענבאך און דארט אנצינדען דיא הײזער פון דיא גבירים אי־בער זײערע קעפ.

י ע ג ע ר. דאס וואלט ניט געטויגט, פון דעם וואלטען זײא געקריגען פערזיכערונגס־געלד. (געלעכטער).

ב ע ק ע ר. פון דאנען געהן מיר קײן פרײבורג צו טראנטראן.

י ע ג ע ר. מע דארף זיך גאר נעהמען צו דיא טשינאווני־קעס, פון דיא לײטע קומט אונזער גאנצער אומגליק, איך האב עס געלעזען.

צ ו ו י י ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. מיר ציהען באלד קײן ברעסלוי, מיר קריגען דאך וואס אמאל מעהר צו.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. (צו הילזע) גוסטאוו, טרינק דאך !

ד ע ר א ל ט ע ר ה י ל ז ע. איך טרינק קײן מאל ניט קײן בראנפען.

ד ע ר א ל ט ע ר ב א ו מ ע ר ט. דאס איז געווען אין דער אלטער וועלט, הײנט לעבען מיר אין א נײע וועלט, גוסטאוו !

ע ר ש ט ע ר י ו נ ג ע ר ו ו ע ב ע ר. ניט אלע טאג איז יום טוב. (געלעכטער).

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. (אונגעדולדיג) צו אלדע שווארץ יאהר, וואס ווילט איהר ביי מיר האבען ?

ד ע ר  א ל ט ע ר  ב א ו מ ע ר ט. (אביסעל צומישט, זעהר פריינדליך) זעהסט, איך האב דיר געוואלט ברייננען א הוהו, זאלסט מאכען אביסעל גוטע סוף פאר דיין אלטיטשקע.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. (גערירט, האלב פריידליך) גע זאג דאס דער אלטער.

מ ו ט ע ר  ה י ל ז ע. (דיא האנד ביים אויער, האט זיא מיט אנשטרענגונג געכאפט עטליכע ווערטער. ווערט זיך מיט דיא הענד.) לאזט מיך צורוה איך האב ניט ליעב קיין היהנער זופ.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. האסט רעכט, אלטע, איך אויך ניט, אין אזא זופ אודאי אין א ודאי ניט. און דיר, באומערט! דיר וויל איך זאגען איין ווארט, ווען דיא אלטע פלוידערען וויא קליי־נע קינדער, שטעהט דער טייוועל אויפ'ן קאפ פאר שמחה, און דאס זאלט איהר וויסען ! און דאס זאלט איהר אלע וויסען : איך און איהר, זיינען מיר ניט קיין מחותנים, מיט מיין ווילען זייט איהר ניט דא, פון רעכט און גערעכטיגקייטס וועגען, האט איהר דא גאר ניט וואס צו זוכען !

ש ט י מ מ ע. ווער ס'איז ניט מיט אונז, דער איז געגען אונז.

י ע נ ע ר. (סטראשעט ברוטאל) דו ביסט גאר ווייט פערקרא־כען, מיר אלע זיינען מיר ניט קיין גנבים, זאלסט דאס וויסען.

ש ט י מ מ ע. מיר זיינען הונגעריג, ווייטער גאר נישט.

ע ר ש ט ע ר  י ו נ ג ע ר  ו ו ע ב ע ר. מיר ווילען לעבען און ווייטער נישט, דאדורך האבען מיר דורכגעשניטען דעם שטריק אויף וועלכען מיר הענגען.

י ע נ ע ר. און דאס איז געוועזן גאנץ גערעכט. (שטעקט זיין פויסט צו דעם אלטען'ס געזיכט) זאג נאך איין ווארט, וועל איך דיר געבען א רייב — אין דעם ציפערבלאט אריין.

ב ע ק ע ר. זייט רוהיג, זייט רוהיג, לאז דעם אלטען צו רוה. —פעטער הילזע : מיר דענקען אזוי : איידער אנצוהייבען נאך אמאל אזא לעבען, איז שוין בעסער דער טויט.



ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. האב איך דען ניט אבגעלעבט מעהר וויא זעכציג יאהר?

ב ע ק ע ר. דאס איז אלץ איינס, ס'מוז אנדערש ווערען.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. ניט ביי דיין לעבען.

ב ע ק ע ר. אז מיר קענען ניט קריגען מיט גוטען, נעמען מיר מיט געוואלט.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. מיט געוואלט ? (לאכט) לאזט זיך שוין בעסער דא בעגראבען. זיי וועלען אייך ווייזען וואו דיא גע וואלט שטעקט. ווארט נור אביסעל מיינע וואוילע יונגען !

י ע נ ע ר. וואס, אפשר מיט סאלדאטען ? נישקשה, מיר זיינען אויך געוועזן סאלדאטען, מיט עטליכע ראטעס וועלען מיר זיך שוין אן עצה געבען.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. מיט'ן מויל, יא, דאס גלויב איך, און ווען שוין נאר : איהר יאגט ארוים צוויי, קומען אריין צעהן אנדערע.

ש ט י מ מ ע ן. (דורכ'ן פענסטער) מיליטער קומט. היט זיך! (אלע ווערען פלוצלונג פערשטומט. מען הערט פאר א מינוט א שוואך פויקען און טרומייטערען. אין מיטען שטיל שווייגען א קורצער און ניט־ווילענדיגער געשריי :) „געוואלד ! איך מאך פים !" (אלגעמיינער געלעכטער.)

, ב ע ק ע ר. ווער רעדט פון אנטלויפען ? ווער איז דאס געוועזן ?

י ע נ ע ר. ווער האט דא מורא פאר א פאר לומפיגע פיקעל־הויבען ? איך וועל אייך קאמאנדירען. איך בין געוועזן ביים מיליטער. איך פערשטיי זיך אויף דעם שווינדעל.

ד ע ר  א ל ט ע ר  ה י ל ז ע. מיט וואס ווילט איהר דען שיסען ? מיט בעזעמער, הא ?

ע ר ש ט ע ר  י ו נ ג ע ר  ו ו ע ב ע ר. לאזט אב דעם אלטען, ער איז שוין גאר א'ן עובר בטל.

צ ו ו י י ט ע ר  י ו נ ג ע ר  ו ו ע ב ע ר. ס'פעלט איהם א קלעפקע אין קאפ.

ג א ט ל י ע ב. (איז אונבעמערקט צוגעקומען צו דיא אויפ־שטענדיגע, כאפט אן דעם ריידער) אזוי שאנעוועסט דו א'ן אלטען מאן ?

ערשטער יונגער וועבער. לאָז מיך צורוה, איך האָב קיין שלעכטס ניט געזאָגט.

דער אלטער הילזע. (מישט זיך אריין) לאָז ער פלוידערן. לאָז איהם אָב, גאָטטליעב. ער וועט באלד איינזעהען, וועמען עס מישט זיך אין קאָפּ, מיר אָדער איהם.

בעקער. געהסט מיט אונז גאָטטליעב?

דער אלטער הילזע. איהר מעגט לאנג ווארטען.

לואיזע. (קומט אין „הויז“, שרייט אריין) באלעמוטשעט ליעבער ניט. פערלירט ניט קיין צייט מיט דיזע תהלים־זאָגער. קומט אויף'ן פלאַטץ! אויף'ן פלאַטץ קומט. דער מאַיאָר רעדט מיט די לייטע פון פערד ארונטער, זיי זאָלען אהיים געהן. ווען איהר קומט ניט שנעל, האָבען מיר פערשפּיעלט.

יעגער. (אַבגעהענדיג) האָסט א שעהנעם, העלדישען מאַן.

לואיזע. וואו האָב איך א מאַן? איך האָב ניט קיין מאַן! (אין „הויז“ זינגען איינינגע).

דער אלטער וויטטיג. (איז געקומען פון דעם אויבערשטען שטאָק מיט א'ן עמער אין האַנד. ער וויל אַרויס, בלייבט א סעקונדע אין „הויז“ שטעהן.) קומט מיט, ווער ס'וויל ניט זיין קיין הונד. הורראה! (ער פליהט אַרויס. א גרופּפּע צווישען זיי, ליזע און יעגער געהן איהם נאָך מיט „הורראַה!)

בעקער. זייט געזונד, פעטער הילזע, מיר ווע‍לען זיך נאָך זעהן. (וויל אַבגעהן.)

דער אלטער הילזע. איך גלויב עס קוים. פינף יאָהר וועל איך שוין ניט לעבען און דו וועסט פריהער ניט ארויס־קומען.

בעקער. (בלייבט שטעהן פערוואונדערט) פון וואנען מיינט איהר, פעטער הילזע?

דער אלטער הילזע. פון תפיסה, פון וואנען דען?

בעקער. (צולאַכט זיך ווילד) דאָס וואָלט מיך אסור געאַרט. דאָרט קריגט מען כאָטש ברויט צום זאַט עסען, פעטער הילזע! (אַב)

דער אלטער באומערט. (וועלכער איז געזעסען אויף א בענקעל, טיעף פערטראַכט און שטומפּפזיניג, שטעהט אויף) ס'איז



אמת, גוסטאַוו, איך האָב א'ן איבריגען זופּ געטהאָן, איך בין פון דעסטוועגען נאָך גאַנץ קלאָר אין קאָפּ — אָט דאָ.. דו האָסט דיר דיין מיינונג איבער דעם, און איך האָב מיין מיינונג. איך זאָג: בעקער האָט רעכט. א סוף זאָל עס נעהמען — אין קייטען צו אין שטריק; — אין תפיסה איז א סך בעסער וויא אין דער היים. דאָרט איז מען פערזאָרגט; דאָרט דאַרף מען ניט אויסדאַרען. מיר האָט זיך זעהר ניט געוואָלט דאָס אלעס מיטמאַכען. אבער זעה דאָך, גוסטאַוו, א מענש מוז דאָך אמאָל קענען פריי אָטהעמען. (לאַנגזאָם צו דער טהיר.) זיי געזונד, גוסטאַוו. זאָל וואָס עס איז פאָרקומען, זאָג א קאַפּיטעל תהלים פאַר מיר אויך! (אב).

(פון דיא אויפשטענדיגע איז שוין קיינער ניט אויף דער סצענע. דאָס „הויז“ ווערט ביסלאַכווייז ווידער אָנגעפיללט מיט נייגיעריגע שכנים. דער אַלטער הילזע בינדט עטוואָס אַרום דעם וועבשטוהל. גאָטט־ליעב האָט אפּירגענומען א האַק פון אונטער'ן אויווען און פּרובירט די שאַרף. בוידע, דער אַלטער און גאָטטליעב, זיינען וויא ווא־אוסטלאָז ביי דער אַרבייט. ... שטום אבער זעהר בעוועגט. פון דרויסען הערט זיך דאָס שומען און געשרייען פון א גרויסע מאַססע.)

מוטער הילזע. זאָג דאָך מיר, מאַן. דיא פאָדלאָגע ציטערט דאָך אזוי — וואָס טהוט זיך דאָ? וואָס וועט דאָ זיין? (פּאַוזע).

דער אלטער הילזע. גאָטטליעב!

גאָטטליעב. וואָס איז דען?

דער אלטער הילזע. דו זאָלסט מיר אוועקלייגען דיא האַק.

גאָטטליעב. ווער וועט צוהאַקען דאָס האָלץ. (ער שפּאַרט אָן דיא האַק אָן דעם אויווען).

(פּאַוזע.)

מוטער הילזע. גאָטטליעב, הער דאָך וואָס דער טאַטע זאָגט דיר.

(שטיממען, זינגען אונטער'ן פענסטער.)

קליינער מאַן, בלייב אין דר'היים

הע, יוכט שי!

מאַך שיסעל און טעלער ריין
הע, דידעל דידעל, דים דים דים. (פערבייי).

גאַטטליעב (שפּרינגט צו צום פענסטער מיט אַ'ן אַנגעשטעלטע פויסט.) הינד, מאַכט מיך ניט ווילד!

(עס הערט זיך אַ שאָס.)

מוטער הילזע. (איז זעהר דערשראָקען) אַ, ליעבער גאָט, ס'דונערט שוין ווידער?

דער אַלטער הילזע. (פערלייגט דיא הענד ניט ווילענדיג) ליעבער גאָט אין הימעל! בעשיץ דיא אָרמע וועבער, בעשיץ מיינע אָרמע ברידער!

(עס ווערט שטיל אויף אַ ווײַלע.)

דער אַלטער הילזע. (צו זיך, זעהר אויפגערודערט) יעצט פליסט בלוט.

גאַטטליעב. (איז אויפגעשפּרונגען אין דער מינוט וואָס דער שאָס איז געפאַלען, ער האַלט דיא האַק פעסט אין דער האַנד, אָנגעצונדען, קען זיך קוים בעהערשען פון טיעפער אויפרעגונג) זאָל מען זיך אפשר יעצט נאָך קושען?

איין וועבערמיידעל. (פון „הויז" אין צימער אריין) פעטער הילזע, פעטער הילזע, געהט אוועק פון'ם פענסטער. ביי אונז אויבען אין דעם אויבערשטיבעל איז אַ קויל אַריינגעפלויגען דורך'ן פענסטער. (פערשווינדט.)

מיעלכען. (שטעקט איהר לאַכענדיגען קאָפּ אַריין דורכ'ן פענסטער.) זיידעלע, זיידעלע, זיי האָבען געשאָסען מיט ביקסען. עטליכע זיינען געפאַלען. איינער האָט זיך אַזוי געדרייט אַרום און אַרום ווי אַ רעדעל, איינער האָט זיך אַזוי געצאַפּעלט ווי אַ שפּערלינג, ווען מען דרייט איהם אַראָב דאָס קעפּעל. אָה, אָה, און אַזוי פיעל בלוט האָט זיך געגאָסען—! (זיא פערשווינדט.)

א וועבערפרוי. עטליכע האָבען זיי דער'הרג'עט אויף טויט.

איין אַלטער וועבער. (אין "הויז„) זעהט, זיי יאָגען דאָס מיליטער.

איין צווייטער וועבער. (אָהן אטהעם.) זעהט



נור, זעהט דיא ווייבער, זעהט דיא ווייבער! וויא זיי האַלטען הויך דיא קליידלאַך, וויא זיי שפּייען אויף דיא סאָלדאַטען.

איין וועבער פרוי. (רופט אַריין) גאָטליעב. זעה נור דיין ווייב, זיא האָט מעהר קוראַזש פון דיר. זיא שפּרינגט אַרום דיא ביקסען וויא זיא וואָלט געטאַנצט פאַר מוזיק. (פיער מענער טראָגען אַ פערוואונדעטען דורכ'ן הויז. שטיל. מען הערט דייטליך אַ שטימע זאָגען) ס'איז דער וועבער אולריך.

דיא שטיממע. (נאָך עטליכע סעקונדען נאָך אַ מאָל) ער וועט אודאי פערמאַכען מיט אַ'ן אויג. ער האָט געקריגען אַ קויל אין אויער אריין (מען הערט דיא מענער אַרויף געהן אויף הילצערנע טרעפּ. פלוצלונג אין דרויסען) הורראַה, הורראַה!

שטיממען אין הויז. „וואו האָבען זיי גענומען אַזוי פיעל שטיינער?" „פון שאָסע". „יעצט כאַפּען דיא סאָלדאַטען". „ס'רעגענט מיט שטיינער".

(אין דרויסען פערשפּרייט זיך דאָס פחד־געשריי און דאָס ברומען אַזש ביז אין דער טהיר. דיא שכנים פערהאַקען דיא טהיר מיט א געשריי).

שטיממען אין הויז. „זיי לאָדען ווידער ביקסען". „זיי וועלען באַלד ווידער שיסען". „פעטער הילזע, געהט אוועק פון'ם פענסטער".

גאַטטליעב. (לויפט נאָך דער האַק). וואָס, וואָס, וואָס! זיינען מיר משוגע'נע הינד! זאָלען מיר פרעסען פּולווער און בליי, אנשטאַט ברויט? (צעגערט אַ מינוט מיט דיא האַק אין דער האַנד, צום אַלטען) זאָל מיר מיין ווייב דערשאָסען ווערען? קיין מאָל ניט! (אַרויסשפּרינגענדיג) היט זיך, יעצט קום איך! (אב).

דער אַלטער הילזע. גאַטטליעב, גאַטטליעב!

מוטער הילזע. וואו איז דען גאַטטליעב?

דער אַלטער הילזע. ביים טייוועל איז ער.

שטיממע פון הויז. געהט אוועק פון פענסטער, פעטער הילזע.

דער אַלטער הילזע. איך ניט! און ווען איהר זאָלט אפילו אַלע פון זינען אַראָב (צו מוטער הילזע מיט התלהבות) דאָ האָט

מיך דער טאטע איז הימעל אוועקגעשטעלט. ניט אמת, מוטער? דאָ בלייבען מיר שטעהן און טהאָן אונזער שולדיגקייט, ווען אפילו דיא גאנצע וועלט זאָל אונטערגעהן. (ער נעהמט זיך וועבען).

(ס'איז געפאַלען אַ שאָס. געטראָפען צו טויט פון אַ קויל הייבט זיך דער אַלטער הילזע אויף און פאַלט מיט'ן פנים אויף'ן וועבשטוהל. צו דערזעלבער צייט פערשטאַרקט זיך דאָס הויז־געשריי. מיט הורראַה לויפען דיא לייטע, וועלכע זיינען ביז יעצט געשטאַנען אין „הויז" אויף אַרויס. דיא אַלטע פרוי פרעגט עטליכע מאָל: אַלטער, אַלטער, וואָס איז דאָ געשעהן? דאָס הורראַה־געשריי דערווייטערט זיך אַלץ מעהר. פלוצלונג קומט מילכיען האַסטיג אַריין צו לויפען אין צימער).

מ י ל כ י ע ן. זיידעלע, זיידעלע, זיי האָבען דיא סאָלדאטען ארויסגעטריעבען פון דאָרף, זיי האָבען געשטורמט דיעטריך'ס הויז. זיי מאַכען פונקט וויא דריבער ביי דרייסיגער. זיידעלע (דאָס קינד דערשרעקט זיך, ווערט אויפמערקזאַם, שטעקט דעם פינגער אין מויל אַריין און געהט פאַרזיכטיג צו צום טויטען). זיידעלע?

מ ו ט ע ר ה י ל ז ע. נו, נעם שוין ווירקליך און רייד אַ וואָרט. ס'קען דאָך ווירקליך איינעם אויסגעהן דיא כחות פאַר שרעק.

ע נ ד ע.

א מ ע ר י ק א נ ע ר. פיליפינא פלאַסקאָוויצקא. פר. אין ענג. 1 פ.; אין גאַליציען 10 העל.; אן אמעריקא 3 ס.

ארבייטער נעדיכטע. פר. אין ענגלאַנד 3 פ.; אין גאַליציען 30 העל.; אין אמעריקא 10 סענט.

ב. א י. אוגוסט בלאנקי. פר. אין ענג. 1 פ.; אין גאַליצ. 10 העל. אין אמעריקא 3 סענט.

אַ קלאָרער ענטפער (ביילאַגע צום 8טען נום. „ארבייטער"). פר. אין ענג. 1½ פ.; אין גאַליצ. 15 ה.; אין אמער. 5 ס.

די ארבייטער סאָלידאַריטעט און דער קאַמפף אום דאַזיין. פר. אין ענג. 1 פ.; אין גאַליצ. 10 ה.; אין אמעריקא 3 ס.

פ ע ר ד י נ א נ ד ל א ס א ל. פר. אין ענג. 1½ פ.; אין גאַ־ליציען 15 ה.; אין אמעריקא 5 סענט.

מ. מ י כ ל ז א ה ן. טאַדעאוש קאָשציושקאָ. פר. אין ענג. 2 פ.; אין גאַליציען 20 ה.; אין אמעריקא 6 סענט.

ב. פ י י נ ע נ ב ו י ם. דער רעכטער וועג. אַ ויכוח וועגען די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און איהרע פאָדערונגען, אין צוויי טהיילען. פר. אין ענג. 8 פ.; אין גאַל. 80 ה.; אין אמער. 24 סענט.

ט. ו ו י ל ע נ ס ק י. די יודען פראַגע. פר. אין ענג. 1½ פ.; אין גאַל. 15 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

ד י א ו ו ע ב ע ר. גערארד הויפּטמאַן. פר. אין ענג. 1 שיל.; אין גאַליציען 1 קראָן 20 העל.; אין אמעריקא 25 ס.

אידישע אָרגאַנען פון פּ. פּ. ס.

„דער ארבייטער"—אין דער געהיימער דרוקעריי אין פּוילען.
„די פּראָלעטארישע וועלט"—לאָנדאָן.

אַלע אויסגאַבען פון פּ. פּ. ס. זיינען צו בעקומען אין דער אדמיני־סטראַציאָן פון „פּשעדשוויט".

**KRAKÓW, Grodzka''50.**

אָדער אין דער לאָנדאָנער ברענטש פון פּ. פּ. ס.

**4 Thomas Street, Whitechapel, London, E.**

און ביי אַלע פּאַרטיי קאָלפּאָרטערען.

אין אמעריקא ביי אַלע ברענטשעס פון פּ. פּ. ס.

## דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק.

פאָלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

# „ראָזענפעלד'ס שריפטען“

וועלכע װעלען בעשטעהן פון ליעדער, דעקלאַמאַציאָנען, סקיצען, אָבהאַנ־
דלונגען איבער צייט און לעבען, קונסטפאלע פעליטאָנען און קריטיקען.

---

אלע ערצעהלוננען פון

## דוד פינסקי

---

## ליעסין'ס געדיכטע אין בוך פאָרם.

---

### היינריך היינע,

איין פאָלשטענדיגע ביאָגראַפיע פון דעם בעריהמטען דייטשען דיכטער.

---

### יהודה הלוי,

איין פאָלשטענדיגע ביאָגראַפיע פון דעם בעריהמטען העברעאישען משורר.

ביידע ביאָגראַפיען געשריעבען פון

### מאָררים ראָזענפעלד.

---

### פערדינאַנד לאַסאַל,

זיין לעבען, זיין טהעטינקייט און זיין טויט.

פון מאָררים ווינטשעווסקי.

---

### שלמה מימון.

דיא לעבענס־געשיכטע פון דעם גרויסען אידישען פילאָזאָף.

פון ד. מ. הערמאַלין.

---

פאָדערט אונזער פאָלשטענדיגען אילוסטרירטען קאַטאַלאָג,
איהר וועט איהם באקומען פריי.

**The International Library Pub. Co.,**
**23 Duane St., New York, U. S. A.**